# אינהאַלט

## בחדרי חדרים



## דאָס געזאַנג פון קעלער

זייטל



## מיר

## מיין ערד



## נעכט

## טויט

ווינטן נעמען אוף די קרעכצן פון דער וועלט
און צעטראָגן זיי און צעזייען זיי.
און סווערן געבאָרן גרויע וואָלקענס,
וואָס פּלאַצן אויס אין גאָס־רעגנס. . .

ווינטן הויערן אף געלעכטער און פרייד
און צעשענקען זיי צו אַלעם וואָס לעבט אף דער ערד.
און עס בלויען זיך די הימלען
און עס שטראַלט א פריידיקע די זון.

זיינען מיר — קאַפּריזן פון ווינטן.
הייב איך אוף מיינע אויגן
צו די ווינטן — מיינע הערשער — אין געבעט.
נעמען זיי אוף מיינע טפילעס און צעבלאָזן זיי.

בלאָנדזשע איך איבער דער וועלט
און זוך — אין דער וועלטס טרויער און פרייד —
מיינע פון ווינט צעזייטע טפילעס.

און וויפל ס'איז מיר נאָך באַשערט
אַריינזאַפּן אין זיך דעם שטויב פון לעבן,
ווייל איך אַרומגיין אַף דער וועלט,
מיט אויגן ליכטיקע און קלאָרע,
און פרייען זיך און יובלען
איבער אַלע וואונדער,
וואָס ווערן אונדז געשאָנקען
יעדע רעגע אויף דער ערד.

אַז ווי צו דעם, וואָס גייט אַרום
מיט מאַכשאָוועס פיינענדע, מיט אויגן צעשראָקענע
און אַטעמט איין אין זיך דעם שטויב פון טויט;
וואָס קען די וואונדער אַרום זיך ניט זען;
וואָס צאַפּלט ניט פון אומגעדולד
צו זען דעם נייען טאָג;
וואָס קוקט אַ הילפלאָזער דער נאַכט אין די אויגן אַריין.

אין די לעצטע מינוטן פון מיין זיין,
וועל איך נאָך האָפן אַלץ,
אַז סהייבט זיך ערשט אָן
דער טאָג פאַר מיר;
אַז באַלד די זון וועט אויפגיין.

### און וויפל סאיז . .

און מיין לעצטער אטעם-צוג וועט זיין—
א יובל-ליד פון דעם וואָס כ'האָב געזען,
און א פרייד-געשריי
פאר דעם וואָס קומט, וואָס קומט. . .

און צאַפּלען וועט אין מיר זיך יעדער אייווער
און רייסען זיך, איינצוזאַפּן אלץ מער
דעם וואונדער שטויב פון לעבן.
און מיינע אויגן וועלן עפנען זיך ברייט, ברייט—
צו זען — צום לעצטן מאָל —
די וואונדער פון דער וועלט.

מיינע קליינע אָרעמס שטרעקן זיך
ארומצונעמען די גאַנצע וועלט ;
מיינע ליפּן ציען זיך צו קושן
די שאַפונגען פון גאָט ;
און יעדער אייווער אין מיר
וויל ליבן, ליבן, ליבן :
ווייל אויסגעדורשט בין איך נאך ליבע
און כוועד פארברענט פון דאָרשט.

און שיין איז אלץ און ליב איז אלץ
און לויבנסווערט און גוט.
און מיינע אויגן בעטן, רופן :
„אָ, זען ווילן מיר די שאפונגען פון גאָט ! "
און יעדער מענטש איז וואונדערבאַר און הייליק,
און יעדעס קינד — א לויבגעזאַנג צו גאָט.
און אלץ און אלץ וואָס סקען דאָס אויג דערבליקן,
וואָס סקען די האַנט דערטאַפּן ;
און אלץ און אלץ, וואָס סקען דאָס הארץ דערפילן —
איז ליב, איז ליב, איז ליב . . .
אז וואויל צו דעם וואָס איז —
אָ, זאָל עס זיין געבענטשט !

## זיי

זיי שפּרינגען כוצפּעדיק, ווי בילענדיקע יונגע הינטלאַך,
אַקעגן דיר, וועלט.
נאָר דערהערן זיי דעם אָטעם דיינעם בלויז,
גאַלאָפּירן זיי אוועק, ווילד־צעשראָקענע.

ניט שפּרינגען, ווי א בילענדיק הינטל,
וועל איך קעגן דיר, וועלט.
נאָר בויגן מיין קאָפּ מיט גרויס יאיראַס־קאָוועד צו דיר,
ווי א יונגער נייער טאַלמיד קעגן זיין גרויסן רעבן.

זיי לאכן אויס דיך
און גרויסן זיך,
ווי די אייער פאַר די הינער. . .

ניט אויסלאכן, ניט גרויסן זיך
וועל איך פאר דיר, וועלט.
נאָר אין אַניוועסדיקער שטומקייט באוואונדערן דיין גרויסקייט.

און ווען דו וועסט אויסשלאָגן אַ רעגע פון דיין אייביגקייט,
און ס'וועט א ציטער טאָן די ערד פון שלאָג, —
וועלן זיי, ווי מיט זודיק וואסער אָפּגעבריטע קעץ,
וואָיען ווילד און קאָרטשן זיך—ציטערדיקע—פון שרעק,
און אַן עקל פון ראַכמאָנעס וועט ווייען איבער זיי.

ניט ציטערן פון שרעק וועל איך,
ווען ס'וועט אויסשלאָגען א רעגע פון דיין אייביקייט, וועלט.
נאָר זיך צוהערן — א פריידיקער — צו דיינע וואונדער־טענער,
און בענטשן דיך, וואָס סאיז מיר באשערט דאָס גרויס גענוס—
פון איבערלעבן אַ רעגע פון דיין אייביקייט, וועלט.

ווי די בילדער אין א קינעמאָטאָגראַף,
ווייזן זיך און שווינדן פאר מיינע אויגן,
מיינע נעכטנס און מארגנס.
און ווי עס גייען נאָך קינדער מיליטערישע פאראַדן
אזוי באגלייט איך — אַ זייטיקער —
די וועלט, וואָס פאראַדירט פאר מיר.
איך וויים, איך טו געווג:
איך לעב זיך רואיק, אָן געפילדער.
און דער ווילדער אימפעט
איז מיר ניט צום האַרצן.
און גוט איז מיר,
וואָס איך טרעט אָפּ דעם וועג
פאר די, וואָס איילן זיך:
איך וועל סיי ווי אָנקומען באצייטנס.

ווי די אָפּקלאַנגען פון באַן־גאַלאָפּ אין ווייט,
אין שטילער נאַכט,
הערסטו קומען פון דער ווייט —
אין דער שטילקייט פון דיין זיין —
נייע האָפנונגען, נייע פרייד.
זאָל נאָר ס׳האַרץ פולסירן שטאַרקער,
זאָל נאָר ס׳בלוט אין דיר וואַכן,
זאָל נאָר ס׳אויג זיך ניט פאַרמאַכן . . .
סוועט דיין אויער דערהערן די וויַיטע פעסטע טריט.
זאָל נאָר דער אָטעם ניט אויסגיין פון שרעק —
סוועט אָנקומען דער גאַסט, דער לאַנג געגאַרטער גאַסט.
גרוי דער קאָפּ, שוואַך די האַנט —
זאָל נאָר ס׳קאָל קענען אויסשאַלן
דאָס אָנקומען פון פרייד.
רוים אין דיין שטאַרקן גלויבן
אין אַלע אָדערן, אין אַלע גלידער.
שעמען זאָל זיך דער,
וואָס וועט ניט קענען
דעם גאַסט מעקאַבל פּאָנים זיין.

# פּסאַלם

דאָס ביסעלע פרייד וואָס באַגלייט מיך —
נעם ניט אָפּ פון מיר, נעם ניט אָפּ,
ווייל נישטיק, ווי שטויב, ווער איך
און העפקער, ווי פארוועלקט, צעטראטן גראָז.

אין שאָען פון פיין — טו ניט אָפּ
פון מיר דיין בליק,
שענק מיר דעם קויאך פון ווילן,
באטרייסט מיך מיט דיין קאָל.

קומט ניט צו צו מיר,
ווען די פרייד האָט מיך פארלאָזן,
ווייל די לופט ארום מיר איז פארפעסטיקט,
און איר וועט איינאָטעמען אין זיך
דעם סאַם פון מיין דערשלאָגנקייט.

נאָר איין טפילע זאָג איך מיטן גאנצן הארצן,
מיט יעדן אָטעם פון מיין איך:
עס זאָל מיין פרייד מיך באגלייטן
אף מיינע שטויביקע וועגן.

# אַ, שענק מיר

אַ, שענק מיר דעם קויאַך פון גלויבן,
אין צייטן פון גרויסער געפאַר,
כ'זאָל קענען דיך בענטשן און לויבן
אין אומגליק, אין פּיין און אין צאַר.

מיין טאַטע די הענט האָט געהויבן
צו דיר דאַך, אין שאָען פון נויט;
און הייליק געוועזן איז זיין גלויבן —
די לעצטע מינוט פאַר זיין טויט.

„די יעשועה וועט קומען פון אויבן"
אזוי האָט מיין מאַמע געגלויבט.
אז וויי איז צו מיר! ס'האָט מיין גלויבן,
נאָך קינדווייז, פון מיר ווער געראויבט.

ווער נאַרט מיך, ווער האלט אין איין רויבן,
די רו און די פרייד פון מיין זיין?
ווער לאָזט מיך די הענט ניט אויפהויבן,
ווען ס'ווארגט מיך די גרויזאַמע פּיין?

אַ, שענק מיר דעם קויאַך פון גלויבן,
אין צייטן ווען גרויס איז מיין נויט;
כ'זאָל קענען דיך בענטשן און לויבן,
די לעצטע מינוט פאַר מיין טויט.

# לאָז זיך...

לאָז זיך פירן פון דער האַנט,
וואָס פירט אונדז אַלע;
וויל ניט אויסקלייבן דיין אייגענעם וועג:
וועסט א שטאָלצער א שפרייז טאָן עטלאַכע טריט פאָרויס
און אַ מאַכטלאָזער אנידערפאלן.
און סוועט דיך אויפהייבן די האַנט,
וואָס הייבט אונדז אַלע אויף,
ווען מיר פאלן.
און מיט אראָפּגעלאָזטן קאָפּ,
וועסטו זיך לאָזן פירן
פון דער האַנט,
וואָס פירט אונדז אַלע.

גלויב אין דעם וואָס הייסט דיך גלויבן;
וויין — ווען סקומט די צייט פון וויינען.
אַמאָל איז קורץ דער וועג, אָפּט — גאָר לאַנג.
ווען וועסט א מידער זיך אָפּרוען,
וועט ווארטן אָף דיר
די האַנט וואָס פירט דיך.
שרעק זיך, ציטער און באַדויער —
נאָר גלויב אין דעם וואָס פירט דיך.

## ניט פרעג...

ניט פרעג מיך וואָס מיר איז — ניט פרעג, נאָר לאָז צורו.
איך דארף קיין טרייסט מער ניט, קיין הילף איך וויל.
פון אלעמען באהאלטן זיך איצט ערגעץ וואו,
באהאלטען ערגעץ וואו זיך, אין דער שטיל.

איך זיץ און ווארט אף אימיצן. ווען קומען ער?
איך ווארט א לאַנגע צייט: צי קומט מיין פרייד?
און מענטשן עפענען מיין טיר און מיר ווערט שווער —
צי האָט מיין פרייד מיט מיר זיך אויך צעשיידט?

מיך לאָז צורו, ניט פרעג מיך וואָס מיר איז, ניט פרעג:
אין הארצן ליגט א סאָד. מיך לאָז אליין.
און ווען מיין פרייד ניט קומט, דאן וועלן מיינע טעג
אין שטילקייט וואו, גאר סוידעסדיק פארגיין.

# פון מיינע טפילעס

און ווען איך וועל אוועקפאלן א פארשמאַכטער,
ערגעץ ווייט, אף פרעמדע וועגן,
זאָלסטו מיך ניט פארלאָזן
און ניט אָפּטאָן פון מיר דיין בליק:
איך זאָל אליין מיין הילף געפינען
און ניט דארפן קיין ראַכמאָנעס-קרעכצן
פון פרעמדע לייט.

און זאָל צו מיינע נאָענטע
ניט דערגיין דער סאָד פון מיין אומגליק,
דער קאָל פון מיין פיין:
איך וויל קומען צוריק
א שטאָלצער און א פריידיקער.

און ווען איך וועל ניט קענען
קומען מער צוריק,
זאָלן וויסן מיינע נאָענטע:
איך בין געוועזן ארומגערינגלט
פון פריינט, פון פרעמדע פריינט;
איך האָב אין זיי — אין מיינע נאָענטע
זיך ניט גענויטיקט . . .
כאָטש היט מיך אוים —
פון פרעמדע מיטקרעכצער.

**מאַטעס ל"ן.**

# אײנזאַמקײט

באַם פענצטער אוונט־צײט, באַם שטילן סוידן זיך פון רעגן,
דערזעסטו סשלײכט די אײנזאַמקײט אַרוים פון אַלע װעגן.
און קומט צו דיר און שעפּטשעט דיר אין אויער אַרײַן: כבין דאָ.
אַנטלויף פון מיר... איך לויף דיר נאָך: צו מיר געהערט דײַן שאָ.

זי װאַרט אַף דיר באַ יעדער טיר פון פרײלאַך הויז;
זי היט דײַן בעט, װען טוסט זיך אָן און טוסט זיך אויס;
זי זיצט מיט דיר באַם טיש מיט אַלע פרײַנט צוזאַמען;
פאַרנעמט אַ פּלאַץ באַ דיר גאַנץ נאָענט פון דײַן מאַמען.

זי שרעקט דיך אָפּ. דו שמײכעלסט ביטער. זעסט—אַ הויכע װאַנט.
און װי אַ קינד עס װײנט אין דיר: אַ, נעמט מיך אָן באַם האַנט.
און האָסטו אַ געליבטע, דאַן טוליע זי צו זיך צו פעסטער;
און אין דעם קרײַז פון שמײכלענדיקע קינדער, באַ דײַן שװעסטער
װעט זיך די אײנזאַמקײט דערשרעקן און—אַװעק,
און װידער טרעפן דיך אין רעגנדיקע טעג.

# זאַפּ איין

זאַפּ איין אין זיך דעם הייסן אָטעם
פון דעם זומערדיקן אוונט ;
דעם רייאַך פון צערייצטע לייבער ;
זוך א ווינקל, וואו דעם מידן קאָפּ אוועקצולייגן,
די וואקלענדיגע פיס אויסצוציען.
לייג זיך אפן גראָז אוועק —
און טראַכט.
טראַכט פון טעג און נעכט
פארבראַכטע אין דעם פרעמדן, פרעמדן רויש,
אין דער פרעמדער וועלט, צווישן פרעמדע לייט.

א פרעמדער דורכגייער אױף די ברייטע גאסן
זוכט אַ פּאַנעם, וואָס זאָל אים זיין באַקאַנט.
און ווער עס קוקט אױף אים,
דרייט זיין קאָפּ אוועק.
אומזיסט. עס וועט אים קיינער ניט באגריסן.

אזוי פארגייען די טעג פון לעבן.
דו ביסט א פרעמדער דורכגייער
אױף די לעבנס-גאסן.
סוועט קיינער ניט באגריסן
דיין אנקומען אָדער אוועקגיין.
די גאס איז פול מיט דורכגייער —
דו ביסט א פרעמדער אױף איר.

## ווען סהאָט יעדער...

ווען סהאָט יעדער דיך פאַרלאָזן
און געבליבן ביסט אליין,
און דו ווייסט ניט וואו צו גיין —
קוק אריין צו זיך אין הארצן
און ניט וויין, און ניט וויין:
ביסט שוין ניט אליין.

שווער, גאָר שווער אליין צו זיין,
מיט דיין פיין, מיט דיין פיין.
ווען דיין הארץ איז דיר א פריינט,
וויינט מיט דיר דאָס הארץ און קלאָגט
און עס זאָגט, און עס זאָגט:
דו ניט וויין, דו ניט וויין —
ביסט מער ניט אליין.

אָבער ווי צו דיר און ווינט,
ווען דיין הארץ איז בלינד
צו דיין ווי, צו דיין ווי.
ווען ס'האָט יעדער דיך פאַרלאָזן
און דו האָסט ניט וואו צו גיין,
און דיין הארץ איז בלינד —
ווי צו דיר און ווינט,
ביסט אליין, גאָר אליין —
וויין, וויין.

# דאָס ליד פון אונטערגאַנג

דער נייער טאָג ברענגט מיט
מיט זיך א ניי געזאַנג;
איך זינג מיין איינציק ליד —
דאָס ליד פון אונטערגאַנג.

און יונג איז נאָך מיין בלוט,
און פלינק מיין יעדער ריר,
דאָך ליגט שוין גרייט די רוט
פון מידקייט בא מיין טיר.

און ווער און וואָס איך בין —
פארגעסן האָב איך לאַנג:
עס וועבט אין מיר די שפין
סגעוועב פון אונטערגאַנג.

אליץ וועקט, אליץ רופט, אליץ ציט,
אליץ זינגט א ניי געזאַנג;
איך זינג מיין איינציק ליד —
דאָס ליד פון אונטערגאַנג.

איך וואַרט און וועל זיך ניט דערוואַרטן,
אַף דעם, וואָס זאָל אונדז ברענגען
די גרויסע פּסורע פון דערלייזונג.
און אַלע נעדאַרים, וואָס איך האָב זיך געגעבן,
וועל איך באַטל מאַכן;
און אַלע טרוימען-שלעסער — צעשטערן;
און דעם שטאָלץ אין מיר דערנידעריקן.
און ניט גלויבן מער,
און ניט האָפן מער,
נאָר אַ שמייכל טאָן:
אַ קינדער-שפּיל געווען —
איך בין דאָך אַ דערוואַקסענער.

איך וועל פאַרוויגן זיך אין רו —
און שווייגן.

# אינקאָגניטאָ

כוועל צערייסן און פֿאַרברענען
אַלע מײַנע בריוו און בילדער
און די ביכער און די העפֿטן —
אָן געפּילדער,
קיינער זאָל דערפֿון ניט וויסן —
קיינער וועט ניט וויסן.

אין דער שטיל וועל איך מיך לאָזן
וואַנדערן אױף פֿרעמדע וועגן.
ווער איך בין און וואו איך נעכטיק
וועט מען פֿרעגן
און צי האָב איך ברויט א ביסן —
קיינער זאָל ניט וויסן.

לייטערן וועט מײַן נעשאָמע
זיך פֿון מײַנע זינד די שווערע.
וועט מיר אױף די פֿרעמדע וועגן
גרינגער ווערן.
נײַ געבאָרן מײַן געוויסן —
קיינער וועט ניט וויסן.

צופאלען אַ זינדיקער, צו דיר, אָ ערד, און קושן דיך
און באגיסן דיך מיט הייסע טרערן;
טוליען זיך מיט מיין גליענדיק לייב, צו דיר, אָ ערד;
טפילע טאָן, קניענדיק פאר דיר,
און בעטן טרייסט
און זוכן שוץ
ווי א פון שרעק ציטערדיק קינד בא זיין מאַמען.

אָ, ווי איז מיר! אָ, וויסט איז מיר!
פרעמד איז מיר די גאַנצע וועלט.
עלענט בין איך דאָ.
ווי אַן אונטערגעוואָרפן קינד בא א פרעמדער שוועל,
האָט מען מיך געלאָזן אַף דער פרעמדער וועלט אליין.
ווארפט מען זיך מיט מיר ארום.
בין א שפילצייג איך אין די הענט פון שטאַרקע:
וואָס איך זאָל ניט טאָן—איז שלעכט, איז זינד, איז שטראָף...
וויל מיר קיינער ניט העלפן,
וויל מיר קיינער ניט ווייזן,
און פון אלע ווינקלען —

## צופאלן א זינדיקער...

לויערן אף מיר שרעקן פון זינד, זינד...
איך בין שטראף, איך בין זינד, איך בין זינד!
וואָס קאָן איך טאָן?
שטרעק איך אוים די הענט,
הייב איך אף מיין צאארדיק פּאָנעם צו די הימלען
און בעט: אָ, העלפט! האָט ראכמאָנעס אָף מיר!
ציטערט אויף מיין לייב, ברעכן זיך די פּיס,
און איך פאל צו צו דיר, אָ מאַמע ערד,
און נעם דיך ארום און קוש דיך
און באגים דיך מיט מיינע הייסע טרערן
און בעט דיך, בעט:
אין זכום פון מיינע אָוועס,
אָ, העלף מיר, העלף מיר, ערד:
איך זאָל זיך פון מיינע זינד באפרייען;
עס זאָל קאיענם צייכן אף מיר מער ניט רוען;
איך זאָל ניט זיין מער קיין פרעמדער דאָ...
אָ, בענטש מיך, בענטש מיך, מוטער ערד!

ניט ווייט פון דאנען ליגט דאָס דאָרף,
ניט ווייט פון דאנען ווארט די רו,
און אַף דיין שוועל
שטייט, ווי א געטרייער הונט,
דאָס ליכט וואָס וועט לויפן דיר פאַרויס
און באלייכטן דיר דעם וועג.

וואָס שרייסטו נאָך אז ווערסט דערשטיקט:
האָסט דאָך מיר און טויער ארום זיך פארריגלט.
דיינע גרויע האָר אַף דיין יונגען קאָפּ,
דיינע שרעקנדיקע אויגן,
דיינע — פון שווערע לאסטן — איינגעבויגענע פּלייצעס,
בעטן טרייסט, בעטן רו.
קום מיט מיר — איך וועל דיך פירן.
(אַ ראַכמאָנעס אויף די וואָס ווייסן ניט,
אַז נאָענט איז פון זיי דאָס דאָרף, די רו).
איך וועל פארהיטן דיך פון וויסטע שרעקן,
איך וועל זיין מיט דיר און דיר העלפן:
דיינע אויגן וועלן אופלייכטן,
דיינע פּלייצעס זיך אויסגלייכן
און די האָר אַף דיין יונגען קאָפּ
וועלן איידעס פארבלייבן
פון יענע יאָרן,
ווען האָסט מיר און טויער פארמאַכט,
און דאָס ליכט אַף דיין שוועל ניט געזען.
קום מיט מיר —
ניט ווייט פון דאנען ליגט דאָס דאָרף,
ניט ווייט פון דאנען ווארט אויף דיר — די רו.

מאַטעס ל.׳ן.

סרינגלען אונדז אַרום גרויסע ווייסטע שרעקן —
אומעטום, וואו מיר זאָלן ניט זיין.
מיר באַהאַלטן זיך פון די גרויסע ווייסטע שרעקן,
אומעטום, וואו מיר זאָלן ניט זיין.

ווער וועט אונדז פון זיי באַשיצן,
ווער וועט אונדזער היטער זיין ?
שיינע קינדער וועלן אונדז באַשיצן,
קינדער וועלן גרויסע ווייסטע שרעקן פאַרטרייבן פון אונדז.

עס באַפאַלן אונדז שווערע פיין
און צעשטערן אונדזער גליק און רו.
ווער וועט אונדז פון פיין באַפרייען ?
קליינע צאַרטע פרויען-גלעטן וועלן אונדז פון פיין באַפרייען.

ס׳לויערן אייביקע סאָנעס אויף אונדזער שטילע פרייד
און רויבן זי אַוועק פון אונדז.
און מיר גייען אַרום צעבראָכענע
און פרעגן בא יעדן דורכגייער :
ווער האָט געזען די רויבער פון אונדזער פרייד ?
ווער האָט אונדזער פרייד באַגעגנט ?
און קיינער ווייס ניט.

ווער וועט צוריקברענגען אונדזער פרייד ?
ווער וועט די לויערער פאַריאָגן ?
אַ צויבערוואָרט פון ליבע, אַ לאַשטשענדיקער בליק,
אַ וואַרעם האַרץ —
וועט פאַריאָגן די לויערער,
וועט צוריקברענגען אונדזער שטילע פרייד.

# דאָס געזאַנג פון קעלער

סהאָט ווער אין פייכטע קעלערן אונז איינגעשפּאַרט;
דאָס הילכיקע געלעכטער אונדזערס צוגערויבט;
די אייוורים רונדיקע צעקרימט און אָפּגעדאַרט; —
דאָך האָבן דוירעס לאַנג מיר בלינדערהייט געגלויבט.
סהאָט ווער אונדז אָפּגענאַרט.

און פּלוצים האָט א ווילדער סאָד זיך גלייך צעשפּרייט
פון פייכטן קעלער אונטן, ביז ארויף גאָר הויך;
א צאָרן, ווי א וויכער ווינט, האָט אָנגעווייט;
די אויסגעדאַרטע אייוורים מיט א ריזן קויך
געוועזן זיינען גרייט. . .

איצט זינגען מיר סגעזאַנג פון קעלער פייכט און נאַס;
איצט מאָנען מיר סגעלעכטער אונדזערס פון אַמאָל;
און וועלטן ציטערן פון דעם גערעכטן קאַס;
און סשטורעמט מאַכטיק אונדזער אָפּגענאַרטער קאָל—
פון קעלער אויף דער גאַס!

# מיינע שטילע טריט

מיינע שטילע טריט
פּאָלגן נאָך אייך אומבאמערקט
אף אלע אייערע וועגן.
מיינע שטילע טריט
הערן אלץ און זעען אלץ
און ציטערן פון צאָרן
און ווילן ווייזן אייך,
אַז זיי זעען אלץ, אז זיי הערן אלץ —
נאָר איך היט זיי און פארהיט זיי —
און שווייגן מוזן זיי,
מיינע שטילע טריט,
ביז עס קומט די צייט.

און קומט די צייט פאר מיינע שטילע טריט
וועלן ווי ציקלאָנען זיך א הויב טאָן,
ווי ציקלאָנען זיך א לאָז טאָן,
ווי ציקלאָנען ווילד א ראש טאָן
מיינע טריט.
אלץ וואָס האָט געברענט זיי און געבראטן;
אלע ריזן-קויכעס, וואָס זיי האָבן אין זיך
פארשטיקט און פארדריקט—
וועלן מיטאַמאָל זיך לאָזן הערן—דורך די טריט—
איבער גאָר דער וועלט.
קלינגען וועלן זיי און פארקלינגען,
הערשן וועלן זיי און באהערשן.
און סוועט א ציטער טאָן די וועלט
פון די טריט,
מיינע שטילע טריט,
ווען עס קומט די צייט.

# ק י י ט ן

קייטן, קייטן. אומעטום קייטן.
פארזשאַווערטע, גלאַנציקע,
מאניעַנדע, אָפּשטויסענדע,
גאָלדענע, בלוטיקע —
קייטן.

מיר זיינען אין זיי געבארן געוואָרן —
און שטארבן אין זיי.
זיי זיינען אזוי ווי מיר:
קאלטע און גליענדע,
יונגע און אַלטע. . .
זיי זיינען געקייט אין קייטן,
קייטן אף קייטן.
היטן איינע די אַנדערע —
אזוי ווי מיר.
דוירעס און דוירעס,
שוואָטים און מישפּאָכעס.
די וועלט איז אין קייטן-נעץ געפאַנגען.

וועט א גיגאַנט אַמאָל — אין שפּאַס —
אַ שאָקל טאָן די וועלט
(ווי ס׳שאָקלט א שטורם-ווינט דעם שווער-באפרוכפּערטן עפּל-בוים)

קייטן

און סוועט אַ קלימפּער טאָן
מיט קייט־געקייט,
אַז פאַרטויבט וועט ווערן ס'אויער פון דער וועלט.
און סוועלן פון דער וועלטס גוף
(ווי פון דעם שווער באַפּרוכפּערטן עפּל־בוים)
אַראָפּפּאַלן קייטן נאָך קייטן,
אַז עס וועט פון שווערקייט אַ שפּאַלט טאָן זיך די ערד.

אָ, זאָל אַ שטיף טאָן דער גיגאַנט!
זאָל עס אָנטראָגן אַ ווילד געוויטער
און אַראָפּשאָקלען קייט נאָך קייט.
ווייל—באַלד וועט אָטעם אויספּעלן,
באַלד ווערט ווער דערשטיקט.

# צום רויך

די באַקאַלס — מאַריס'ן און טילי'ן

שויפערס שאַלן: טרוע! שווארים!
איבער פריש באדעקטע קווארים.
ניט קיין צייט געהאַט באוויינען
און צאוואעס איבערליינען,
און א טראַכט צו טאָן אפילע,
ניט געוועזן קיין רעגע שטילע:
וואָס, וואו, ווען? . . .
פייער! פלאקער! ברען!
שאָקעלט זיך די ערד,
גלאַנצט דער שווערד,
שאַלט טראָמפּייט:
גייט, גייט, גייט!
איבער קוואָרים,
איבער פּגאָרים,
גייט און פאלט!
שוואך און אַלט
בלייבן ליגן —
פליגן! . . .
יונג און שטאַרק,
קלעטערט באַרג,
שפרינגט דורך פייער —
פרייער, פרייער. . .
שפּאַלט זיך ערד.
ניט געקלערט,
וואָס באשערט —

## צום רויך

מונטער, הייטער :
ווייטער, ווייטער. . .
גיך
קריך !
לויף
ארויף ! ארויף ! ארויף !
פארשטאָפּ די לעכער !
העכער ! העכער !
בליק אראָפּ :
קאפּ אף קאָפּ
רייסן זיך הויך, הויך —
צום רויך.
אויבן וואָס ?
ציט די נאָז
אהין, אהער . . .
וויים ווער ?
קיינער, קיינער.
גאָר — הויט און ביינער
מיט די ציינער
ו־ייסן ערד,
ברעכן שווערד,
טר־זשן קוואָרעם. . .
שטורעם, שטורעם !
שויפער־שאַל !
בליץ און קנאַל !
פלאצט די ערד !
ברעכט, צעשטערט !
ארויף הויך —
צום רויך, צום רויך !

# איך בין ניט...

איך בין ניט קיין בייזער פון נאַטור;
אין היים בלוט האָט מען מיך ניט געבאָדן;
מיין טאַטע האָט קיין פליג אפילו ניט געטשעפּעט;—
און דאָך גיי איך ארום מיט אַן אָנגעלאָדן האַרץ.
איך וואונדער זיך אליין אָפט:
פון וואנען האָט זיך גענומען צו מיר אַזוי פיל צאָרן, אַזאַ
בייזקייט?

איך האָב איינגעאָטעמט אין זיך,
פון מיינע קינדער־יאָרן אָן,
די גיפטיקסטע באַצילן פון מענטשן־האַס.
מיין אויג האָט ראַק געזען ארום זיך —
בייז, בייז, בייז. . .
און געהערט האָב איך שטענדיק
בלויז גראָבע שלעכטע רייד.
און איצט בין איך פארוויקלט
אין א פארפלאָנטערטער נעץ,
וואָס איז באפארבט
מיט פרישׁ און פארגליווערט בלוט;
וואָס איז געוועבט פון מענשלאך פלייש —
אָדערן און מוסקולן, ביינער, מארך און האַרץ.
און יעדער טראָט מיינער — איז אָף כורוועס,
און יעדער בליק מיינער
איז אָף קאליקעס און טורמע־ווענט;
און יעדער קלאַנג — איז גרילץ און קרעכץ.
איך בין ניט קיין בייזער פון נאַטור,
נאָר סאיז די וועלט אַזאַ
און דער הימל איז אַזאַ —
טאָ וואָס קאָן איך טאָן?

# איך

קוק מיך אָן: דעם קאָפּ פון שרעק געבויגן,
ווי ס׳וואָלט אימיץ וועלן אים צעפּלעטן;
מיינע ווייכע האָר—פאַר פּרויען־הענט צום גלעטן;
און די אויגן —
אָט ווי בײַ אַ צעשראָקן קינד,
און אָט — דערציילן זיי פון זינד
און סוידעס וואָס זיי באַהאַלטן;
און אויף מיין פּאָנעם אַלטן —
שאָטענס פון אויסדרוקן:
א גוטער יונגער מאַלעך,
אַ יעזואיט אַ גאַלעך,
א קליינטשיקער מעפיסטאָ,
דער בלייכער יעזוס קריסטוס...

ניט טראַכט קיין שלעכטס פון מיר:
כ׳פּראַל אויף פון האַרץ די טיר
פאַר דיר —
און זע און גלויב:
איך בין א טויב,
וואָס קאָן אין ווינטער־פראָסט
ניט געפינען זיך קיין קעסט;
און סקלאַפּט אָן אין שויב
צו דיר די טויב
אין אָוונט שפּעט און בעט:
לאָז נעכטיקן בײַ זיך אין הויז,
ביז ס׳וועט די זון אַרויס.

## איך

מיין לעבן איז — א קלאַפּעניש אין טירן,
וואָס פירן און פארפירן
אין הייזער, וואו סאיז ענג און גרוי,
אזוי —
דערשטיקט צו ווערן,
יעלאָלעם נאָר צו הערן
און ארויסהעלפן — מיט טרערן.

קוק מיך אָן:
אין די ווינקלען פון מיינע ליפּן רויטע
ליגן גרייטע
די האָפנונגען פון מיין פרייד.
און די לייד
אין מיינע אויגן,
און מיינע פּלייצעס געבויגן
קענען ניט פארצערן
די פרייד, וואָס האלט זיך אין איין מערן,
אין די ווינקלען פון מיין מויל
און ליגט דאָרט נאַקעט, הויל —
ווי פון מיין האַרץ די טיר,
וואָס שטייט אָן אויפגעפּראַלטע—און וואַרט אױף דיר.

## .2

איך האָב פיינט מיין אייגענעם טרויער
און פאַרטרייב פון זיך דעם שרעק,
וואָס גייט מיר שטענדיק נאָך
מיט לייכטע שטילע טריט.
און ברענגט מיר יעדער טאָג
בלויז נייע פיין און זאָרג,
און שעפּטשעט מיר אין אויר אריין דער שרעק :
אנטלויף, באהאלט זיך, גיך —
הייב איך אוף מיין אראָפּגעלאָזטן קאָפּ
און באַפעל : פאַרויס, פאַרויס !
פארגעס וואָס האָסט געלאָזן הינטער זיך ;
שטרענג אָן דיין בליק אין ווייט
און זע און הער — צי רופט דיך ווער.
צי דארף דיך ווער.
און נאַרט דיך אָפּ דער וואָס האָט גערופן דיך ;
און שפּאָט פון דיר דער, וועמען האָסט דערלאַנגט
דיין ווארמע האַנט, אין צייט פון ווינטער נויט —
ניט גיי צוריק צו זיך,
זיפץ ניט, טרויער ניט ;
ניט לאָז דעם שרעק דיין רו אוועקרויבן ;—
נאָר גיי פאַרויס
און זע און הער,
צי דארף דיך ווער.
און ווייס :
מוואַרט אף דיר, משטרעקט די הענט צו דיר —
שטרענג אָן דיין בליק—און זוך און זוך. . .

# כוויל ניט זיין אַליין

גוט איז מיר, וואויל איז מיר:
כבין דאָך ניט אליין.
צווישן מענטשן בין איך,
פון די אויצרעם זייערע שעפּ איך:
דאָ א שמייכל, דאָרט אַ לאַך.
גוט איז דאָך מיט מענטשן זיין,
ניט צו זיין אליין,
ניט צו זיין אליין.

וויים איך דאָך, אַז מענטשן זיינען פרעמד,
זיינען פרעמד;
אַז ניט יעדער שמייכל שמייכלט,
אז מאיז מיעס, אַז מאיז פאלש.
אָבער זיין אליין?
אָ, איך וויל ניט זיין אליין:
צווישן מענטשן נאָענט,
צווישן מענטשן — קויאך,
צווישן מענטשן — מענטש!
כוויל ניט זיין אליין.

# פרייד

איך האָב אַ גאַנצען טאָג געזונגען,
איך בין געווען באהערשט פון פרייד ;
סהאָט אלץ ארום מיט מיר געזונגען,
סאיז אלץ ארום געווען פול פרייד.

איך בין באַנאַכט אהיימגעגאַנגען,
כהאָב קוים מיין אייגן הויז דערקענט :
צום ערשטען מאָל געהערט געזאַנגען
עס האָבן מיינע גרויע ווענט.

און כהאָב אין בעט געשעפטשעט דאַנקן
צו דעם, וואָס האָט די פרייד באַשערט ;
און כהאָב געפילט — מיט פרייד געשאַנקן
איז פול די קלאָגנדיקע ערד.

# איך טראַכט

איך טראַכט: מיט יעדן טאָג געבאָרן ווערט אַ פרייד.
וואוהין פאַרשווינדט די פרייד? ווער רויבט די פרייד אוועק?
פאַרוואָס איז פול דער טאָג מיט ווייען און מיט לייד?
פאַרוואָס דען טראַכטן מיר פון מאָרגן בלויז מיט שרעק?

איך וויים: מיט דערנער זיינען אלע וועגן אויסגעשפּרייט,
און שטיינער גרויסע, שווערע ליגן אומעטום,
אף אלע וועגן אָבער אונדז די פרייד באַגלייט
און שטענדיג גייט זי נאָך אונדז שעמעוודיק און שטום.

עס פּוצט פאַר אונדז דער הימל אוים זיך יעדן טאָג,
אין קליידער ניי פון וואונדערבאַרן ליבן כיין;
עס ווייזט פאַר אונדז די גוטע זון וואָס זי פאַרמאָגט,
איר געטלאַך־ריין געשטאַלט באַם אופגיין און פאַרגיין.

אזויפיל פרייד איז דאָך פאַראן אין יעדן בוים,
אין יעדן גראָז און זאנג, אין יעדן בלאַט און בלום.
עס וואַרט אף אונדז אין יעדן פּאַרק אַ צאַרטער טרוים,
עס זינגען פייגעלאַך דאָך פריילאַך אומעטום.

אזויפיל פרייד אין דאָך פאַראַן אין יעדן קינד,
אין יעדן מענטשן — גרויס צי קליין און גוט צי שלעכט;
אין אַלע איינזאַמע, וואָס לעבן נאָר פון זינד,
אין יעדן פינצטערלינג, אין יעדן שקלאַף און קנעכט.

אין יעדער זאַך און טאַט, אַף יעדן טריט און שריט,
א לעבן רוישט, באַוועגט זיך שטילערהייט און וואַכט.
און אייביק זינגט די ערד פון יונגער פרייד א ליד,
אין גרעסטן אומגליק אימיצער א קונדעס לאַכט...

פאַרוואָס ווערט אָנגעפילט די ערד מיט יאַמער, קלאָג?
פאַרוואָס דען קלינגט פון אנגסטן אזוי שטאַרק די קייט?
א נייע פרייד געבאָרן ווערט מיט יעדן טאָג —
וואוהין פאַרשווינדט די פרייד? ווער רויבט אוועק די פרייד?

# ניט האָבן...

ניט האָבן קיין אייגענעם ווינקל, קיין היים,
ניט פילן די זיסקייט פון צערטלאַכן בליק;
נאָר וואַנדערן, וואַנדערן איינער אליין
און טרוימען, בלויז טרוימען, פון אייביקן גליק.

ארום און ארום איז די שוואַרצקייט פון נאַכט;
ארום און ארום איז א וועלט אזוי פרעמד;
ארום און ארום אזוי גראָב יעדער לאַכט,
און ווערסט אזוי ביטער און פיינלאַך פאַרשעמט.

און וויינסט אזוי ביטער באַנאַכט אויף דיין בעט,
און לאכסט אזוי הארציק באַטאָג מיט די פריינט;
און סשטאַרבט דיין נעשאָמע און קיינער ניט זעט —
און ספרייט דיך דער טאָג, ווען די זון ליבלאך שיינט.

ארום און ארום איז די שוואַרצקייט פון נאַכט;
און מיד ביסטו, מיד, פון דיין לעבן שוין מיד,
און אימיצער טרייסט דיך און אימיצער לאַכט:
„געבענטשט זיינען די וואָס לעבן אין פריד".

# פרײַנט

(פראַגמענט)

. . . ניטאָ קיין פרײַנט. זיי דאַרפֿן זײַן.
אָן זיי דאָס לעבן דען וואָס טויג?
די גרויסע פרייד, די טיפֿע פּיין —
מע דאַרף דאָך אימיצן דערציילן,
מיט פרייד זיך טיילן, וואונדן היילן,
ס׳דאַרף היטן דיך אַ נאָענט אויג.

ווי איינזאַם זײַנען מיר אָן פרײַנט.
און סוועראַן פרײַנט פון שטוב די ווענט;
עס ווערט דיר נאָנט די זון וואָס שײַנט.
און שפּעט באַנאַכט אין פּוסטע גאַסן,
באַם שײַן פון אַ לאַמטערן בלאַסן —
שטרעקסט ווי אַ בעטלער אויס די הענט.

# טעג

טעג אַזוי אומעטיק, נעכט אַזוי שווער ;
ציען זיך וואָכן, כאַדאָשים און יאָרן.
דאַכט זיך דיר : אימיץ וועט קומען אַהער,
וועסטו צוזאַמען מיט אים ערגעץ פאָרן.

ווערן דיר נימעס באַקאַנטע און פריינט,
לויפסטו פון אַלעם אַוועק אין דיין צימער.
דאַכט זיך דיר : אומעטיק שרעקלאַך איז היינט.
ווייסטו ניט : סהיט דיך דער אומעט דאָך אימער.

ריזיקע וועלטן — און דו אַזוי קליין.
שרעקן דיך, סטראַשן, די דונערם און בליצן.
זעסט ביסט אַ קינד דו, וואָס קען ניט פאַרשטיין —
זוכסטו אַ פאָטער וואָס זאָל דיך באַשיצן.

ערגעץ וואו, ערגעץ וואו ווילט זיך אַוועק,
ווילסט זיך פון אומעט באַפרייען דעם שווערן ;
ערגעץ וואו הערשט דאָך ניט אייביק דער שרעק,
ערגעץ וואו, שיינען דאָך ליכטיקע שטערן.

איך וועל מיין גורל ניט פארמיידן,
און ניט פארלירן פון מיין גליק ;
עס וועט די שאַרפע קאָסע שניידן —
איך וועל ניט קוקן אף צוריק.

די פעלדער מיינע — פוסט און פוסטער,
די זאַנגען רייף — אין פרעמדע הענט;
זאָל נעמען יעדער וואָס נאָר גלוסט ער —
איך וועל פארבלייבן מיט די ווענט.

די ווענט—זיי וועלן מיט מיר בלייבן,
ווען קומען וועט מיין לעצטער טאָג ;
דערווייל מעג יעדער איינער קלייבן
פון אלע אויצרעס וואָס כפאַרמאָג.

טראַכט ניט, איך בין קליין, אָנמעכטיק:
ס'וואַכט אין מיר דער קאַם פון וועלטן.
איך בין וואַרזאַם און גערעכטיק,
כ'ריים די מאַסקע פון פאַרשטעלטן.

אף די טומלדיקע וועגן
שרייאיק לייכט אייך דער לאַמטערן;
פאַנגט אָן גיסן נאָר א רעגן
וועט אייך פינצטער באַלד דאָך ווערן.

איך פאַרמאָג א קליינעם פייער,
נאָרט ער ניט ווי דער לאַמטערן;
ער ווערט גרעסער, ער לייכט פרייער,
ווען מען וויל אים נאָר צעשטערן.

אייערע בייטשן סוויסטשן, קנאַלן
און זיי שמייסן מיך און טרייבן —
דאָך וועט איר — די טרייבער — פאַלן,
איך — דער שוואַכער — וועל פאַרבלייבן.

# אַ שפּיי

כהאָב גערופען צו דיר
אין מיין גרויסן צאַר,
ניט געענטפערט האָסטו
מיין היים געבעט.
כהאָב אויסגעשטרעקט מיינע הענט,
סזאָל מיך דערהאַלטן דיין קויאַך,
און געפאלן בין איך מאַכטלאָז
אַף שפּיציקע שטיינער.
מיין בלוט ניט אָפגעוואשן
האָט קיינער.
די וואונדן אָפענע —
פאר שמוץ און שטויב;
פארבייגייער — טויב און שטום. . .
האָב איך מיין געשריי אליין אנטשטילט
און געווארט אַף א גיכן סאָף.
איז ניט געקומען דער סאָף;
האָבן די וואונדן זיך אליין פאַרמאַכט,
מיינע ליידן — ראַכמאָנעס געהאַט אַף מיר,
דאָס בלוט — איינגעטריקנט.
איז א שפּיי פון עקל
מיין דאַנק צו דיר געוועזן!
בין אליין דאָס גיפט,
בין אליין דער באלזאַם.
אָ, מאַכטיק זאָל זיין מיין שפּיי,
אין צייט פון מיין גרויזאָמער פּיין!

# אליין, אַליין...

אליין, אליין אין לאַנגען וועג,
איןברייטן וועג, אין ווייטן וועג;
דורך דאָרף און שטאָט, דורך וואלד און פעלד—
א גרויסע וועלט, א פרעמדע וועלט.

אליין, אליין. . . נאָך גאָר א קינד,
א שוואַכעם קינד, א צאַרטעס קינד,
דאָס פּאָנעם בלאַס, ווי דאַר די האַנט!
אין ווייטן לאַנד, אין פרעמדן לאַנד.

אליין, אליין. . . אין לעבנס קאמף,
אין שווערן קאמף, אין ביטערן קאמף,
מיט עלנט, נויט, מיט הונגער־טויט —
פאר ברויט, פאר ברויט, פאר טרוקן ברויט.

# קינדער פון נויט

די קינדער זעען ניט דאָס ליכט פון טאָג,
די קינדער הערן ניט דאָס ליד פון פרייד ;
די קינדער הערן בלויז דער מוטערס קלאָג,
די קינדער זעען בלויז דעם פאָטערס לייד.

אין זייערע אייגעלאַך עס ליגט אַ צאַר,
דאָס זאָרגלאָז קינדערשע פאר זיי איז פרעמד ;
און זייערע גופימלאך צעקרימט און דאַר,
און אַף די גופימלאך — א שמוציק העמד.

און סאיז פאר זיי די גרויסע שיינע וועלט —
א פלאץ פון מאַטערניש, א טפיסע בלויז ;
און סאיז זייער העכסטער טרוים א ביטל געלד,
און סוואקסט דער טרוים מיט זיי פון קליין ביז גרויס.

און סזינגט די וועלט פאר זיי א יוגנט ליד,
און סזינגט נאַטור פאר זיי א ליד פון פרייד, —
די קינדער זעען נאָר א לעבן מיד,
די קינדער זעען נאָר א וועלט פון לייד.

האָבן טאַטע־מאַמע מיך פֿאַרשאָלטן,
ברידער, שוועסטער מיך פֿאַרהאַסט;
פֿריינט פֿון מיר פֿאַרבאָרגן זיך, באַהאַלטן,
און די סאָנים ווילד געשפּאַסט.

בין איך מיר אַוועק אין פֿרעמדע לענדער
זוכן אַ געטרייַען פֿריינט.
אָבער וואו איך קום, בין איך אַ פֿרעמדער —
אומעטום מיך האָט מען פֿיינט.

וועל איך שטאַרבן ערגעץ־וואו פֿאַרלאָזן,
קאָרטשען זיך אין אַנגסט און פּיין;
נאָר דער ווינט וועט אין מיין פּאָנעם בלאָזן
און אַ הונט — מיין איידעם זיין. . .

# דאָס ליד פון פּאַרמישפּעטן

וואָלקענס פון שאַנד
וועלען אַ גאַס־רעגן פון טרערן געבוירן —
דערווייל פּינקלט די זון
אױפֿן ווייסן ריינעם שניי;
וועט מען טייטלען אױף מיר:
אָט איז דער זינדער, דער זינדער.
דערווייל באַגריסט מיך יעדער, ווי אַ גלייכן.
וועט זיך טוליען מיין קאָפּ צו מיין ברוסט
און די אויגן וועלן זוכן פינצטערניש —
דערווייל קוק איך אַ שטאָלצער
דער וועלט אין איר שיינענדיק פּאָנעם אריין.
וועל איך מיט די ציין די גראַטעס בייסן
און מיטן קאָפּ — די ווענט וועלן ברעכן —
דערווייל — ווי פריש איז די לופט,
ווי ברייט איז דער וועג.
וועל איך ארום אַמאָל אַ פרייער?
צי אויסגיין איינזאַם הינטער די גראַטעס?
דערווייל — אַזויפיל קויאַך צו שוועבן,
דערווייל — וויל איך לעבן.

# בעטלער

וואנדער איך מיר נאָכאַנאַד
אין דעם רייכן בעטלער־לאַנד.
פירט אַ וועג מיך שמאָל און ווייט.
בעטלער פיל פון יעדער זייט,
שטרעקן אוים צו מיר אַ האַנט —
טייל איך, טייל איך נאָכאַנאַנד.
טייל איך אוים וואָס איך פארמאָג.
שטעלט ווער אָפּ מיך באַ אַ ראָג.
שטעל איך אָפּ זיך, הער זיך איין —
סרוימט מיר ווער אין אויר אריין:
„האָסט צעטיילט דו שטיקלאַך הארץ,
ביסט דערפאַר געוואָרן שווארץ.
און קיין בלוט אין דיר ניטאָ,
און עס נענטערט זיך דיין שאָ".
הער זיך איין צום סאָד איך גוט
און איך זע: ניטאָ קיין בלוט,
און איך זע: ניטאָ קיין הארץ,
און איך בין געוואָרן שווארץ.
טראַכט איך, טראַכט און וואַנדער שטום. . .
און די בעטלער פיל ארום,
שטרעקן אוים צו מיר אַ האַנט —
און איך טייל אוים נאָכאַנאַנד. . .

# פּאַיאַץ

דער נאַר האָט זיך צעלאַזט אין אים:
ער האָט געפּלאַפּלט אָן אַ סאָף;
געפּרייט זיך פון דער העלער הויט ארויס,
געדאַנקען־קאָזשעלקעס געמאַכט.
עס האָבן די ארומיקע געשעפּטשעט:
„דער נאַר שטויסט אים!"
און נייגעריק נאָכגעפּאָלגט זיין יעדן ריר.
און ער האָט זיך געכידעשט:
וואָס איז געוואָרען דאָס מיט זיי?
עפּעס זיינען אלע אזוי אָנגעבלאָזן,
און סשלאָגט א קעלט פון זיי.
און סהאָט זיין בליק געבליצט
און סהאָט געצאַפּלט זיך
זיין יעדער אייווער פון פרייד
און סאיז אים אזוי גוט געווען:
ער קומט פון טרוימלאנד איצט,
ער האָט זיין ליד פון דאָרט געבראַכט,
געשאפן דאָך א ליד אַצינד —
א פרייד, א פרייד!

עס האָט דער נאַר געשטויסן אים אַצינד...

## ניט אייערער

אוועק פון מיר. אָ, לאָזט מיך טרוימען:
איך וויל פארגעסן אלץ אצינד
און ווי דער גרינגער רויך פון קוימען,
וויל איך פארשווינדן מיטן ווינט.

זיך אָפּרוען פון לעבענס־שלאַכטן,
ניט הערן מער דאָס ווילד געברום;
פון גאָרניט, גאָרניט מער ניט טראַכטן,
ניט זען מער די וועלט ארום.

אָ, פאר א ווײַלע נאָר דערבליקן
די פריינדס־שטראַלן פון דער וועלט
און זען גליקן, גליקן, גליקן
אין יעדן אָרימען געצעלט.

אָ, פריי זיין, שוועבן אין די רוימען
און זינגען זאָרגלאָז ווי דער ווינט.
אָ, לאָזט מיך טרוימען, טרוימען, טרוימען —
איך בין ניט אייערער אצינד.

# איך בין מיד...

איך בין מיד, אזוי מיד.
אין דרויסן קלאָגט דער ווינט.
האָסט איינגעשלעפערט סקינד
מיט א מייסע־ליד —
איך בין אויך א קינד,
שלעפער אויך מיך איין,
שטיל מיין פיין
מיט א קינדעריש ליד —
איך בין מיד, אזוי מיד.

אין דרויסן קלאָגט דער ווינט;
אין די שויבן ווינקט דער שרעק:
גיי ניט אוועק.
שלעפער איין מיך, שלעפער איין,
איידער סקומט דער שרעק אריין.
איך האָב מוירע, כבין א קינד —
אין דרויסן קלאָגט דער ווינט.

## א טרייסט

אוועק פון אלעמען
אנטלויפן גיך;
אוועק פון אלעמען —
צו זיך, צו זיך.

פון זייער קאמף,
פון זייער ליד,
פון קאמף און שטרייט
בין מיד איך, מיד.

דערזעלבער ראש
אף יעדן ארט
דאסזעלבע הויכע
פאלשע ווארט.

איין טרייסט איז נאך
פאראן אצינד:
דאס קליינע צארטע
ליבע קינד.

# פאַלשע רייד

איך קען די פאלשע רייד ניט הערן
כהאָב פיינט דעם שמייכל און דעם לאַך
פון מענטשן ווערטער-מיליאָנערן,
וואָס מאכן אָרעם אונדזער שפּראַך.

אַ קלאָלע האַרט אף מיינע ליפּן:
זיי זויגן אוים פון מיר די פרייד;
ווי פון אַ בייזער שלאַנג דאָס שיפּן
מיך עקלט פון די פאלשע רייד.

אױף אונדזערע כורװעס
שײדים הוליען, טאַנצן;
מײזישע אײגעלאַך
פינקלען װילד און גלאַנצן...

און מיר, פאַרלאָרענע
איבער װעלטן שפרײזן;
טוליען זיך, דערפראָרענע,
צו א װאַנט פון אײזן.

און צום האַרצן דריקן מיר
אונדזער הײליק גלויבן;
און די ליפּן אונדזערע —
בענטשן, ליבן, לויבן...

## מיר

טרויער פון דוירעס איז אונדזער באגלייטער;
אונדזערע טריט היט אַן אייביקער שרעק;
טראָגט ער א ווינט און אנאופהער צעשפּרייט ער
בלעטער פארוועלקטע אַף אונדזערן וועג.

אָבער די אויגן — זיי ברענען און גליען;
זידן וואולקאַנען אין אונדזער רויט בלוט;
אונדזערע פינגער די פלינקע זיך ציען,
בריען אַן אייוועלר וואָס דרעמלט און רוט.

לעבן אַף ווידער די גלידער די מידע,
זיכערער שפּרייזן די אַלט־יונגע פיס;
זינגען מיר, זינגען מיר, פרײדיקע לידער,—
סעפּנט די אויגן דער דרעמלענדער ריז.

מעג אונדז באגלייטן פון דוירעס דער טרויער,
מעג זיין א שוימער דער אייביקער שרעק:
סווערן די הימלען אַלץ זוניקער, בלויער,
סלאַסטשעט די מאַמע־זון אונדזערע טעג!

# מיר

(פראַגמענט)

זייט איך קען מיין אייגן פּאָנעם
געדענק איך ניט אַף אים קיין שמייכל.
עס ליגט אַף מיר מיין טאַטנס צאַר,
און דעם זיידנס ערנסטקייט און שטרענגקייט.
און אָפּט פאַרביטערט און פאַרצווייפלט,
גאַר איך נאָך א שמייכל אַף מיין טרוקן פּאָנעם.
איך קאָן אפילע ניט נאָכמאַכן קיין שמייכל:
איך האָב פּרובירט אין שפּיגל שמייכלען —
און סהאָט מיין פּאָנעם זיך אזוי צעקרימט,
אַז כ'האָב דערשראָקען זיך פאַרלאָרן.

דערפאַר האָב איך ליב קינדער:
אַף זייערע לויטערע פּענעמער
שמייכלען זייערע נעשאָמעס,
דערפאַר בין איך מעקאַנע
דאָס פרישע יוגנט-פּאָנעם.
נאָר קינדער און שמייכלענדיקע פּענעמער
מיידען אויס מיך,
ווי איך פלעג מיין זיידן אויסמיידן.

נאָענט זענען מיר: די רעגנדיקע טעג און נעכט,
און גרויע הימלען,
און די שטאָק-פינצטערקייט פון נאכט.
און שמאָלע אָרימע געסלאך,
מיט האַלב איינגעפאלענע הייזלאך.

## מיר

טייער זיינען מיר אלטע אידן
מיט פאַרמעט־פענעמער.
דערפאַר פּאַסן מיר ניט מיינע העלע קליידער;
און כוואַלט געפילט זיך היימיש,
אין מיין טאַטנס לאַנגע שווארצע קאַפאָטע.
איך וואָלט באַדאַרפט ארומגיין,
מיט א דיקן שטאָק אין האַנט,
אידישלאַך איינגעבויגן,
און קוקן דורך די ברעמען,
און גלעטן זיך די באָרד באַ א וויכטיקן איניען.

עס וועלען מיינע קינדער
און קינדס קינדער,
די יערושע פון זייערע טאַטעס און זיידעס איבערנעמען:
אף זייערע יונגע פּענעמער
וועט זיך קיין שמייכל קיינמאָל ניט באַווייזן.
און שעלטן וועלן זיי
און בענטשן וועלן זיי
דאָס פאָלק —
וואָס האָט פון זיי
דעם שמייכל אויסגעזויגן,
וואָס האָט זיי טיפע, אידישע נעשאָמעס
געשאָנקען. . .

איך וויין צוזאַמען מיטן אַלטן אידן,
וואָס בויגט זיין קאָפּ דעם גרויען, מידן, . .
ווען כלעז פאַר אים „פון דאָרט“ אַ בריוו.

די פריינט פון אַלע, אַלע יאָרן
אין פּאָגראָמען אָנגעוואָרן. . .
ער וויינט. עס בויגט זיין קאָפּ זיך טיף.

איך שווייג. ער שווייגט. מיר ביידע טראַכטן.
איך טראַכט פון די, וואָס דאָרטן שמאַכטן,
ער טראַכט פון די, וואָס זיינען טויט.

ער הויבט זיך אויף, ווישט אויס די אויגן,
פאַרלאָזט דאָס צימער איינגעבויגן. . .
מיר דוכט — דאָס בלוט איז פריש נאָך, רויט. . .

און אין דעם שטילן וואלד
וואו כבין נאך רו אוועק,
האָט מיך געפּלאַגט זייער ווײ,
האָט מיך פאַרפאָלגט זייער שרעק.

און סהאָט די גרינע ערד
מיר אויסגעוויזן רויט;
און פון די בלומען פריש
געווייט האָט, ווי מיט טויט.

עס האָט מיך אופגערעגט
פון פייגעל דאָס געזאַנג:
מיר האָט געדאַכט, איך הער
דעם שווערן גסיסע קלאַנג. . .

עס האָט געשראָקן מיך
די שטילקייט פונם וואלד;
איך האָב אין יעדן בוים
געזען א ווילד געשטאלט.

און ווי פאַרפאָלגט, געיאָגט,
מיט שוידער און מיט שרעק,
בין איך מיט גיכע טריט
פון שטילן וואלד אוועק.

# צו א אינגעלע

בלייכער, מאַטער, אידיש אינגעלע
פון דער בלוטיקער אוקראינע —
אוי, ווי קלוג דו ביסט!
ווייסט אזויפיל. . .
און דערציילן קענסטו אָנאַשיר:
פון פאָגראָמען, באַנדעס, אַטאַמאַנען
און פון געשאָכטענע, צעפּיצעלטע
גופים אידישע,
וואָס דיינע אויגן האָבן זיך אָנגעזען.
קליינער העלד!
וויפיל מאָל האָט דער טויט
געלויערט איבער דיר!
און איצט דערציילסטו וועגן דעם —
און שמייכלסט.
און די גאַנצע וועלט איז פאר דיר—
א שפּילפּלאַץ, וואו מען שפּילט זיך
אין מילכאָמעס און פּאָגראָמען;
אין א שפּיל פון בעטלער;
אין א שפּיל פון יאָגן און באהאלטן זיך;
אין א שפּיל פון דרייען זיך און ניט פאלן . . .
און וויסן דארף מען ווי אזוי . . .
און דו — דו ווייסט דאָך, ווי אזוי,
און קענסט נאָך אַנדערע לערנען. . .
און סדוכט זיך דיר, אַז דו ביסט אלט, אלט
און אלעס, אלעס ווייסטו —
אָ, בלייכער, ליבער אידיש אינגעל
פון דער בלוטיקער אוקראינע. . .

# אין הונגערלאַנד

פרעסט און שנייען, ווינטן בלאָזן —
כהאָב א שוועסטערל געלאָזן
דאָרט, אין הונגערלאַנד.

נויט און הונגער, פּעסט און פּיין —
וואו קאָן איצט מיין שוועסטער זיין,
דאָרט, אין הונגערלאַנד ?

הייזער—כורוועס, שטעט—רואינען—
וואו קאָן זי זיך איצט געפינען,
דאָרט, אין הונגערלאַנד ?

מענטשן-כאיעס : שאלטן, וואלטן —
וואו האָט זי זיך איצט באהאלטן,
דאָרט, אין הונגערלאַנד ?

בלוט און רויך, שווערד און פיינט —
האָט א שוץ זי, האָט א פריינט,
דאָרט, אין הונגערלאַנד ?

# נאָכווייען

יעלאלעס און געיאָמער ברענגט דער ווינט אונדז.
גסיסע־קרעכצן פאָלגן נאָך אונדז וואו מיר גייען.
אויסגעשטרעקטע ביינערדיקע הענט — פאַר אונדזערע אויגן.
אייוורים פון אונדזערע ברידער און שוועסטער—דאָ און דאָרט.
אויגן בעטן אונדז, אויגן רופן אונדז,
אויגן עפנען זיך און פאַרמאַכן זיך —
אויגן, אויגן. . .
און אין אונדזערע קוילעס, אין אונדזערע רייד —
דאָס כליפּן און אויען פון היימלאָזע, אונטערגייענדע ברידער
און שוועסטער.

און—פּלוצים דערפילן, אַז מיר בלאָנדזשען צוזאַמען
מיט די מעשוגאיעס איבער וועלדער און פעלדער.
מיר—זיינען מעשוגאיעס, —
גוט געקליידעטע, אויסגעפּוצטע, זאַטע מעשוגאיעס.

און אין די רוישיקע גאסן, אַף וועלכע מיר שפּרייזן,
ווילט זיך—אין מיטן לוסטיקן שטאַטישן געפילדער—
אויסשרייען א ווילד געשריי—
א ווילד געשריי פון אונדזערע מעשוגע געוואָרענע קרוווים.
און אויסשטרעקן אונדזערע הענט צום הימל,
ציטערנדיק און שוידערנדיק —

נאָכווייען

און אַנטלויפן פון די מערדער —
פון די פרידלאכע דורכגייער אף דער גאַס.
און סווילט זיך צופאלן צו דער ערד,
איינגראָבן זיך אין איר מיט אונדזערע פיבערהאַפטע פינגער
און פאָדערן פון איר—אונדזער בלוט,
דאָס אומזיסט פארגאָסענע יונגע בלוט. . .
און, פארשמאַכטע, אופשטיין און אויסגלייכן זיך —
דעם קאָפּ געהויבן שטאָלץ,
די אויגן ווייט פארויס,
בארואיקטע, מיט זיכערע טריט —
מיט דעם טויזנטיעריקן גלויבן אין אונדזער בלוט —
גיין ווייטער אף אונדזער וועג. . .

# וואַרט... וואַרט...

וואַרט, וואַרט!
און עפשער וועט פון ערגעץ אימיץ זיך באַווייזן,
א הערקולעס מיט פויסטן-אייזן,
און וועט מיט וואוט,
מיט ווילדן צאָרן —
זיך טאָן א וואַרף
אף יעדער שטאָט און דאָרף,
וואו אידיש בלוט
פארגאָסן איז געוואָרן...

וואַרט, וואַרט!
און עפשער וועט א אידיש קינד,
גאָר דאַר און קליין,
און לייכט ווי ווינט,
ווי דאָוויד, טאָן א וואָרף א שטיין
און אויסראָטן די ווילדע הינט...

וואַרט, וואַרט!
און אפשר וועט דער בעסטיען-האַס
אין א געוויסן-מעשוגאַס
פארוואַנדלט ווערן;
און מיט א ווילד געבעט,
מיט שטראָמען טרערן,
זיך קומען שלאָגן וועט
דער הונט אלכעט...

## וואַרט, וואַרט...

וואַרט, וואַרט!
שטיי פעסט און גלויב:
פון בלוטיק שטויב
וועט זיך אַ ווינט
באַלד טאָן אַ הויב,
און וועט אַריין געשווינט,
אין יעדן גליד
פון יונגען איד.

וואַרט, וואַרט!
די האַנט איז אויסגעדאַרט —
נאָר סוועט געשען,
ניט ביים די ליפּן אַזוי ווילד,
ניט שריי, ניט שילט . . .
וועסט זען:
ער שאַרט זיך שטיל, ער שאַרט —
דער, וואָס איז פון אונדז געגאַרט.
וואַרט, וואַרט!

# מאָשיאַך

אָקעאַנען טרערן, בלוטיק רויט די ערד —
קומען וועט מאָשיאַך אַף א וויסן פערד.

און זיי אלע נישטיק און זיי אלע שטויב —
קומען וועט צופליען באלד א ווייסע טויב.

און עס הערשט דער ראַצכען און עס בלאַנקט די שווערד—
זען די געולע זיינען זיי דען ווערט ?

וועט זי ניט דער גאזלען נעמען פאַר אַ רויב ?
וועט ער דען ניט שעכטן באלד די ווייסע טויב ?

אָקעאַנען טרערן, בלוטיק רויט די ערד —
וועט מאָשיאַך קומען אַף זיין וויסן פערד ?

# האַרבסט

ווי עס וואלגערן זיך די הארבסט-בלעטער,
וואלגערט זיך מיין גלויבן:
יעדער טרעט אף דעם.
און ווי סאיז ליב דער אַראָמאַט
פון די וועלקנדע האַרבסט-בלעטער,
אזוי איז ליב און טייער מיר
מיין אונטערגייענדיק גלויבן.
די יאָנטעף טעג פון אַמאָל
וועקן אף זיכרוינעס.
אמאליק פרייד טוט איצטער וויי.
און סציען זיך וואָכענדיקע טעג
אָן גלויבן, אָן פרייד.
יאָנטעף טעג פון אַמאָל —
צו פיינלאך צו דערמאָנען זיך אָן זיי,
צו איינגעבאַקן זיי צו פארגעסן.

די אויסגעהוילטעביימער האַקט מען אונטער
און גלייך שפּראָצט אויף א נייע פלאַנץ;
און וואויל דער טענצערן, וואָס קאָן גאָר מונטער
נאָך אויסטאַנצן איר לעצטן טאַנץ.

און יעדע רעגע פון דיין קורצן לעבן
רעגירט דיזעלבע, זעלבע קראַפט:
מע מאַכט א וועג פאַר די וואָס ווילן געבן,
מע דריקט ווי פון פיירע אויס דעם זאַפט.

דאָס שאָלעכץ, וואָס געבליבן, נוצט מען אויך אויס:
פאַר איינגעמאַכץ, צי פאַרן רינד.
די וועלט דאַרף האָבן נייע, פרישע קויכעס,
און — מאַכט א ווארע פאַרן קינד.

און וואויל איז דעם וואָס קאָן גאָר מונטער
באַגעגענען זיין לעצטן קראַך;
וואָס קאָן — ווען סגיבן זיך די קויכעס אונטער —
פון הארצן טאָן א שטאַרקן לאַך.

מיר — איך און דו, און דער הונט בא אונדזערע פּיס —
זוכען שוץ פאר א שטורעם, ציטערן פון קעלט;
שטרעקן אוים די הענט און בעטלען פאַר זיך שפּייז;
גייען אוים פון שרעק, דערפילענדיק דעם טויט.
מיר — איך און דו, און דער הונט בא אונדזערע פּיס—
ווילן לעבן, לעבן, לעבן . . .

מיר זיינען קלוג און ווילן קליגער ווערן;
מיר ווארפן זיך אף דעם, וואָס קאָן זיך קעגן אונדז ניט ווערן;
באזויפן זיך מיט בלוט און זאָגן אַז סאיז — ווייַן;
ברומען אוים א ליד פון פרייד און ווילדן צאָרן;
טאנצן אף דילן באפלאסטערטע מיט ביינער
פון אונדזערע ברידער און שוועסטער:
צו ראַטעווען אונדזער מין,
אופצוהאלטן אונדזער דא-זיין.
מיר, די גליקלאַכע, וואָס לעבן —
איך און דו, און דער הונט בא אונדזערע פּיס.

## ווינטן

מיר זיינען ווינטן, וואָס וואיען אין ווינטער נעכט
און שרעקן איבער קינדער און קראַנקע.
אונדזערע לידער, אונדזער קאַס ;
אונדזער גוואורע, אונדזער שאפונג, אונדזער שטאָלץ —
ווינטן, ווינטן, ווינטן.

נו, זינגען מיר, טאַנצן מיר, האַלטען מילכאָמעס און בויען וועלטן;
מאכן צאמען פאר גאָטס ווינטן, פאר גאָטס שטורעמס ;
געוועלטיקן איבער גאָטס נאַטור. . .

מיר ווינטן־צאמער — זיינען ווינטן,
וואָס טוען א בלאָז — שטאַרקער צי שוואכער —
און פארשווינדן.

מיר זיינען ווינטן, וואָס ווערן צעבלאָזן פון ווינטן,
וואָס האָבען אונדז אהער געבראַכט ;
וואָס נעמען אונדז און בלאָזען אונדז
קעגן פעלדזן פון אייביקייט
און צעבלאָזן אונדז — אין שטויב, אין רוים.

איך און דו — זיינען ווינטן, ווינטן, ווינטן. . .

# הענט

דיזעלבע ווארימע הענט וואָס לאשטשען,
דיזעלבע לאַנגע פינגער וואָס צערטלען,
דיזעלבע ווייכע אָרעמס וואָס נעמען אזוי ליב ארום—
קענען דען דיזעלבע הענט דערהאַרגענען,
קענען זיי דערשטיקן דעם זעלבן האלדז,
וועלכן זיי האָבן אָנאופהער געגלעט ?

הענט — ווי שיין זייט איר און ווי סוידעסדיק !
ווי צוציענד און ווי אפּשרעקנד.
הענט פון אַן אלטיטשקער ליבער מאַמען,
און הענט פון א קאלטבלוטיקן רוציייאך !
הענט — שלוכים פון האַרצן,
בויער פון וועלטן —
ווער קען פארשטיין אייערע סוידעס ?
סוידעס פון לעבען און טויט — אין אייך,
אָ, נאָענטע, געטרייעסטע צו אונדז
וואונדערבאַר פאָרמירטע הענט !

## רו

ניט מיט דיין פארפירערישן, טייוועדיקן לייב,
ניט מיט דיין ווייבערישן קישעף־רייץ,—
נאָר מיט דעם פארשלייערטן בליק
פון דיינע פארשעמטע שוואַרצע אויגן,
מיט דער געלייטערטער רו,
וואָס ווייט פון דיין לייב,
האָסטו מיין רו צעשטערט
און מיין פארוויגט בלוט אויפגעוועקט.

איז א געהענעם מיין לייב;
רעוועט מיין בלוט אין מיר אזוי,
דאכט זיך, פלאצט יעדער אָדער:
„צו דיר, צו דיר!"
טו איך טפילע צו דיר,
פיל איך דיין רו ארום זיך
און דיין ציטערדיק קאָל,
דיינע שטילע טריט,
דיין פארוויגטן בליק
און, א, די צאַרטקייט פון דיין מאטאוון לייב.

און ווען א נאָכגיביקע, א פארוויגטע,
ליגסטו שטיל אין מיינע ארעמס,
און פון דיין היים לייב
שטראַלט עס מיט דיין צויבער־רו, —

## רו

דאַן ווערט מיין געהענעם לייב
געלייטערט פון דיין געשטראַל,
און מיין ווילד בלוט
שעפּטשעט אין שטילער פרייד:
רו, רו־ו . . .
און דאַן דערפיל איך דיין וועלט,
און צוזאַמען מיט דיר,
ווער איך פארקישעפּט
פון דעם געזאַנג
פון דער פארכאַלעמטער רו.

דו ביסט דער פונק וואָס צעגליט זיך,
איך בין דער פייער וואָס פלאקערט פון פונק.
דו ביסט דאָס טראָפּעלע סאַם,
און בין דאָס בלוט דאָס פארסאַמטע פון טראָפּן.

בעטסט דו מיך: זיי ניט קיין פלאקערענדער פייער,
זיי ניט דאָס שטאַרבענדע בלוט.
בעט איך דיך: זיי ניט קיין פונק וואָס צעגליט זיך,
זיי ניט דאָס טראָפּעלע סאַם.

ווייסן מיר ביידע:
זינד ברענגט זינד,
טויט ברענגט טויט.
בעטן מיר זיך איינער באַם אַנדערן,
ביז —
דו ווערסט דער שטויב וואָס דער ווינט שפרייט אוים,
איך ווער דער זאמד וואָס דער יאם שפייט אוים.

# פלייש

דאָס אַלץ וואָס כּזע אין זיי — איז פלייש.
און זייענדיק מיט זיי צוזאַמען, דערמאָנט מען זיך אָן יאַטקעס.
ווי סרייצט דעם הונט דער יאַטקע־קלאָץ,
אַזוי רייצן אונדז — אין גאַס אין הויז —
די ווייסע העלזער, די שלאַנקע פיס און בריסטן.
יונג און אַלט — פלייש, ווארים פלייש!
אַ געפּאַקטער זאַל מיט מענטשן — וויפל פלייש!
און סשטויסט דיך אָפּ.
נאָר סווילדע בלוט אין דיר, דיין לוסט —
ווי באַ אַ רויב־פויגל די נעגל —
גאָרט נאָך ווארים פלייש.
ווי פארשיקערט ווערט דיין גאנצער גוף,
ווען ספּילט דיין אָטעם נעבן זיך דעם רייאָך פון וואַרים פלייש!

אָ, ווען סווינקט צו דיר פון וווייט דאָס פלייש
און קענסט עס ניט דערגרייכן!
דיין טיפער פּיין, דיין שטאַרקער צאָרן, דיין גרעסטער הונגער—
ווען ספעלט דיר פלייש, ווארים פלייש.

אָ, ווייך ווייבעריש לייב! אַ קראַפּטיק מענעריש פלייש!
עס זינגט צו איך אַ לויב־געזאַנג דאָך גאָר די וועלט.
דאָס שענסטע ליד פון אַלע צייטן
איז בלויז געווען צו דיר, פאַר דיר —
אַ ווארים מענטשנפלייש!

איך בין א זינדיקער, איך ווייס:
פארשאָלטן זיי דער טאָג פון מיין געבאָרן!
איך האָב געוואָלט באַשיצן אייך פון בייז —
און בין א זינדיקער אליין געוואָרן.

איר זייט געווען באהערשט פון לוסט;
מיט שאַנד און שמוץ איז פול געווען אייער לעבן,
און מיטלייד האָט געהאַט מיט אייך מיין ברוסט,
איך האָב געוואָלט א ברודער־ראַט אייך געבן.

איך האָב געוואָלט באַשיצן אייך פון בייז —
און בין א זינדיקער אליין געוואָרן.
איך בין א זינדיקער, איך ווייס —
פארשאָלטן זיי דער טאָג פון מיין געבאָרן!



איך האָב באַליידיקט דיך, געזינדיקט קעגן דיר—
און דיינע אויגן האָבן מילד געקוקט אף מיר.
איך האָב מיט מיינע רייד צו טרערן דיך געבראַכט —
געזען איך לייד דערפון, האָסטו זיך באַלד צעלאַכט.
איך האָב געזאָגט: איך גיי. איצט וועסטו גליקלאך זיין.
דיין בליק געזאָגט: אָן דיר וועל אויסגיין איך פון פיין. . .

# זינד

זאָג, ווען קומען א דערלייזער
און באפרייען אונדז פון זינד ?
אונדזער בלוט ווערט ווילדער, בייזער,
אונדזער אויג פון לוסט ווערט בלינד.

מיר ווען זיך אליין דערשטיקן :
פון דרערד וועט שרייען אונדזער בלוט
און צום הימל קלאָלעם שיקן.
וויים דען אימיץ וואָס ער טוט —

אַז דאָס בלוט אין אונדז ווערט ווילדער,
אַז עס פרעסט אונדז אָף די זינד ;
אַז דאָס אויג זעט גהענעם בילדער,
און עס בילן אין אונדז הינט.

און אין נעכט פון ווינט און רעגן
יאָמערט אונדזערער אַלכעט :
„ווייז אונדז, ווייז די גראדע וועגן,
שענק דעם זינדיקן א גלעט.

איז אונדז באַשערט צו בלייבן שקלאפן,
צום הערשער־זינד, וואָס צאָלט מיט פיין ?
און האָט מען אונדז דערפאר באשאפן
טאַליאָנעם אייגענע צו זיין ?

# צו א גרויען פרויען־קאָפּ

שיין פאַרקאַמטער גרויער פרויען־קאָפּ!
דו זינגסט א לויב צו דעם וואָס טראָגט דיך.
און קוקענדיק אָף דיר
ווילט זיך זינגען,
אויסזינגען א לויב־געזאַנג צו דיין שיינער גרויקייט,
וואָס שמייכלט מיט אַזאַ ברייטער האַרציקייט און גוטסקייט,
וואָס טראָגט אָף זיך דעם שטאָלץ
פון גענעראַלישן מילכאָמע־וועטעראַן.
יעדע גרויע האָר אָף דיר
פאַרזיגלט אין זיך סוידעס פון באַזיגטע יאָרן.
יעדע גרוי־געוואָרענע האָר
האָט געבראַכט פריידיקע פּסורעס,
וואָס שטאַמען פון יעסורים און פּיין.
שיין פאַרקעמטער גרויער פרויען־קאָפּ!
וואָס שטראַלט מיט אייביקער מוטערליכקייט,
וואָס פאַרשפּרייט אַרום זיך
די גרויסע ליבע פון דעם,
וואָס באַשאַפט און נערט אַלץ וואָס לעבט.
דו ביסט מיין טרייסט
אין שאָען פון נישטיקייט;
אין דיר געפין איך רו,
ווען אַלע קוויכעס פון פאַרטיליקייט האָבן מיך אַרומגערינגלט.

# איך וועל פארמיידן...

איך וועל פארמיידן שטענדיק סהויז,
וואָס טרייבט די גוטע פרייד ארויס.
און מעג דאָס הויז זיין ציכטיק, ריין
און העל באהאנגען מיט גארדינען;
דאָס מעבל אויסגעשטעלט גאָר פיין,
קיין שטויב אין ערגעץ צו געפינען, —
נאָר הערט מען ניט קיין פריידיק וואָרט,
פארבלייבן קען איך מער ניט דאָרט.

א שטילע פרייד דארף הערשן אימער
אין יעדן ווינקל פונם צימער.
סאיז פרייד פאראן אין יעדן מענטשן,
און יעדעם הויז האָט פרייד אָנשיר;
די פרייד וועט יעדן איינעם בענטשן,
וואָס עפענט נאָר פון הויז די טיר.

# מיין ערד

טיף אין די געדערים פון דער ערד,
אף וועלכער איך טרעט,
ליגן מיינע אויצרעס באַהאַלטן,
ליגן מיינע זיידעס און באָבעס —
געטרייע שאפערס פון די אויצרעס.

מיט א שטעקן אין דער האַנט, באַטראַכט איך
מיינע וועלדער, פעלדער, מיינע וואסערן, מיינע הימלען —
אלע אונטערטאַנען וואָס לעבן אין זיי.

די גאַנצע ערד — אַן אַלטער, אַלטער ביים-האַקוואָרעס ;
יעדע פלאנץ און זאמדל — הארץ און בלוט פון מיינע אָוועס.
די גאַנצע ערד — א צעבראָכן, דורכגעלעכערט האַרץ,
א מעס וואָס האָט מיליאָנען יאָר געקעמפט פאר מיר.
זעץ איך אוועק זיך אף א גרין בערגל א פארטראַכטער :
די ערד זינגט מיט יוגנט-פרייד צו מיר,
די ערד פרייט זיך,
און דוירעס, דוירעס, גאָר טיף אין דרערד,
שיקן גרוסן צו מיר —
(דורכן אַראָמאַט וואָס שלאָגט פון דער ערדס נאָזלעכער ארוים)
און איך גיב צומאָל קיין שמייכל ניט. . .

איך בין צו זאַט שוין פון מיין ערד
און אלע אירע וואונדער. . .

# פייערן

עסטער'ן

דאָס צינדן זיך פון לאָמפּן, פייערן:
אין גאַס, אין הויז, אַף וועגן און אַף מויערן;
דער רויטער שיין פון סאַפּנדע לאָקאָמאָטיפן;
פּראָמעטעוסעס געשאַנק אין מיטן יאַם, אַף שיפן —
דאָס אַלץ, דאָס אַלץ, דערמאָנט אַז נאָענט איז
די גאַנצע וועלט אונדז, דער מוירעדיקער ריז.

און סטרעפּט, אין נעכט, ווען ווינטן בלאָזן
דיר אין האַרץ אריין, ווען איינזאַם און פאַרלאָזן
דו גייסט ארום צווישן הויכע מויערן,
און פילסט, ווי סלויערן
אַף דיר, פון אַלע עקן,
פון פינצטערניש, די שרעקן —
דערזעסטו שטילע פייערן,
מיט אַ בליק אַ ליבן, טייערן,
פינקלען, קליין און גרויס,
אַף דער גאַס, אין הויז —
אין אַלע ווינקלען פון דער נאַכט,
פייער שמייכלט, פייער לאַכט,
פייער טרייבט אַוועק —
שרעק.

## פייערן

אין טעג פון צאַר און טרויערן,
ווען פרינגלען אונדז ארום די פיין, ווי מויערן,
דאן ווייזן זיך — ווי אין נעכט דאָס פייער —
געשטאלטן ווייטע, וואָס ווערן נאָענט, טייער —
און שמייכלען שטיל אין אונדזער האַרץ אריין
און פאַרטרייבן צאַר און פיין.
און ווי עס זוכט דאָס אויג אין פינצטערניש די פייערן,
זוכט סהאַרץ—אין פיין—א בליק, אַ ליבן, טייערן.
און אין אַלע טעג, ווען מישסט צוריק,
וועסטו געפינען א שמייכל און א ווארימען בליק.

# נאַטור

גייסט ארוים גאַנץ פרי אין פעלד,
א גוט-מאָרגן זאָגן דיר די זאַנגען ;
און סבאַגריסן דיך אומעטום
צאַרטע פייגעלשע געזאַנגען.

און שטיל איז, שטיל ארום.
שמייכלען בלימלאך אויסגעפוצטע דיר אַנטקעגן ;
און וואו דו ווארפסט דיין בליק —
צעשפרייט ליגן ליכט און פרייד אף אלע וועגן.

און פאַרנאַכט — פון אַרבעט מיד,
באַגעגנען דיך מיט שטילער פרייד די וועלדער ;
די לעצטע זונענשטראַלן גלעטן דיך,
און עס קוויקן דיך די רייכעס פון די פעלדער.

גוט איז, ווי א מאמע, די נאַטור :
קענסט ניט בייז זיין, ווען דו ביסט מיט איר צוזאַמען.
פייגלאך, בלומען,ביימער, גראָז און מענטש —
אלע זיינען ליבע קינדער בא דער מאַמען.

# באַם יאַם

א.

די ברייטקייט פון יאַם —
אין מיין וועלט, אין מיין וועלט;
די פלאַטערדיקע ווייסע וואַסער־פייגל —
אין מיין געדאַנק, אין מיין בלוט;
דער הויכער צעשפּאָלטענער פעלזנבערג —
מיין לעבן, מיין איך.

ב.

צוזאַמען מיט דעם רעוון
פון די שוימענדיקע ווילדע כוואַליעס,
ווילט זיך אויסשרייען
מיין ווילד געשריי,
ווילט זיך שליידערן
מיין ווילדע אומרו —
צו די כוואַליעס.
זאָל זי צוזאמען מיט זיי
זיך אָנשלאָגן אָן דעם פעלזנשטיין
און צעשמעטערט ווערן,
ווי דער וואַסערשטויב.

ג.

עס שפּרינגען מיר אַנטקעגן
מיט ווילדער כוצפּע,
די וואַיענדיקע כוואַליעס;
פון אַלע זייטן קומען זיי.
בילן אוים
זייער צערייצטן צאָרן;
דראָען מיט זייער ווייסער גוואורע.
זיץ איך מיר אַף א פעלז
און ווארט אַף דער ווייסער שיף,
וואָס דארף אָנקומען —
און טראַכט:
מיינע טעג אויסגעצערטע, קלאַגנדיקע,
ווי די כוואַליעס, דערצאָרנטע און צערייצטע,
מאָנען בא מיר
און דראָען מיך,
ווילד און ווילדער. . .
און איך אויף מיין פעלזנטרוים,
קוק אינדערוויים
און ווארט אַף מיין דערלייזער.

ד.

שלאָגן זיך, שמעטערן זיך כוואַליעס אָן ברעג—
ווילט זיך מיר זינגען פון ווילדער פרייד.
גרויס איז דער יאַם, ווילד איז דער יאַם —
ווילט זיך מיר אויסטאַנצען א לויב צו אים.
ווארפן זיך ווייסע וואסער־פייגלען
אין די אָרעמס פון די כוואַליעס —
ווילט זיך מיר ארייננעמען
די וועלט אין מיינע אָרעמס.
ברומען מיר לויפענדע ווינטן אין אויער אריין—
ווילט זיך מיר לויפן, נאָכיאָגן זיי.
זעט זיך א רויך פון א שיף אינדערווייט —
ווילט זיך מיר זיין, ווי דער רויך —
ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט. . .

# פאַרנאַכט, באַם יאַם

פאַרנאַכט, באַם יאַם, ווי גוט עס איז צו זיצן!
דאָרט הינטער מיר, אין מיירעוו זייט, די זון פאַרגייט.
וואו כוואַרף מיין בליק: אין צאָפן, דאָרעם, מיזראַך —
א פורפור־בלויער האָריזאָנט ליגט אויסגעשפרייט.

איך זיץ מיר אף א פעלז א גרויען, גלאַטן
און וואַנדער שטום אין וואונדערבאַרן טרוימען־לאַנד.
בא מיינע פיס דער יאַם ליגט א גרין־בלויער
און רוישט און וויגט זיך, רוישט און וויגט זיך, נאָכאַנאַנד.

א ווינטל קומט פון יאַם די ערד באַגריסן;
און אויבן איבער מיר א פויגל־ראָד זיך דרייט;
און שטילער, שטילער ווערט. עס רוישן בלויז די כוואַליעס.
און אין מיין יעדן אייוועד זינגט א שטילע פרייד.

און קופער־רויט דער הימל הענגט אין מיירעוו זייט;
בא מיינע פיס דער יאַם ווערט טונקל בלויער;
די פייגל פליען זינגענד אָפּ אין מיירעוו זייט;
די ווייטע האָריזאָנטן ווערן גרויער.

די כוואַליעס ווערן טונקלער. סוויגט זיך שטיל דער יאַם.
א ווייסער זעגל שווימט אין ווייט געלאַסן.
און אימיץ שעפּטשעט אין דער לופט: „די נאַכט קומט אָן.“
דער יאַם צעשיידט זיך מיטן טאָג דעם בלאַסן.

# אף אַ שיף

שווימט אַ שיף אויפן יאַם,
אויפן יאַם דעם ברייטן;
ווייסער שוים, זילבער־שוים
טוט די שיף באַגלייטן.

הימל־בלוי, וואַסער־גרין
ליגט פון אַלע זייטן;
און די שיף — הין און הער —
שווימט אין וועג דעם ווייטן.

אף דער שיף יונג און אַלט
פילן זיך גאַנץ זיכער;
און די שיף סוואַסער שניידט —
גיכער, גיכער, גיכער.

און אַ קינד בײַ דער „נאָז"
קוקט אין וואַסער טיפן,
און די כוואַליעס טונקל־גרין
יאָגן זיך און שטיפן.

# רעגנס

רעגענס קומען און דערציילן
סוידעס אין דער נאַכט אריין.
ווייסט ניט וואָס די סוידעס זיינען,
נאָר אנויפהער הערסט זיך איין.

דאכט זיך דיר אַז אָנגעקומען
זיינען רעגענס גאָר פון ווייט ;
גיבן איצטער איבער גרוסן
אונדזער ערד פון פרעמדע לייט.

ערגעץ איז א וועלט פאראַנען —
ווייסן גאָרניט מיר פון איר ;
ערד וויל וויסן, קומען רעגנס
ברענגען נייעס אָנאשיר.

און אין אוונט זיי פארוויגן
מיט די מייסעס איין די ערד,
וואָס דערציילן זיי, די רעגנס,
וועט אונדז וויסן זיין באַשערט ?

## אין רעגן.

### 1.

כוואליעדיקע, גרויע וואָלקנס
האָבן פארטונקלט
דאָס נאָכמיטאָגדיקע ליכט אין דער שטאָט.
האָבן אין מוירעדיקע מויערן
עלעקטרישע לעמפלאך זיך אופגעכאפט,
די אייגעלאַך געעפענט
און ארויסגעשיינט.
האָבן גרויע רעגנס
זיך געקייקלט
און געפייקלט
כליאַפּ, כליאַפּ —
אַראָפּ.

עס איז געווען פארנאַכט.
האָבן ווי א וויכער ווינט, געשווינט
מענטשן־שטראָמען זיך געלאָזן —
פון דעם אַרבעטס קעסלפויק
אוועק שנעל, שנעל
א היים ;

צו דער זיסער רו,
צו דער ווייב, צום קינד —
שנעל, שנעל.
פון פאבריקן און קאנטארן,
און פון שעפער און פון קראמען,
צו די קארן, צו די באנען,
וואס פון אויבן און פון אונטן.

## .2

ווער הארט אין גרויסן רעגן,
באם ארויסגאנג פון די באנען,
געדולדיק-אומגעדולדיק,
מיט שירעמס אין די הענט ?
ווער זוכט ארום, מיט ליבע אויגן, אימעצן,
ווען סשפארן פון די באנענמיילער
מענטשן וואסערפאלן זיך ארויס ?
ווער ווערט געשטופט, געשטויסן
אין שטורמדיקן געדראנג ?
דאס זיינען ליבע קינדער,
וואסווארטען אף די טאטעס,
זיי זאלן אין דעם רעגן
ניט ווערן דורכגעווייקט
און קומען שנעל אהיים.

## .3

געפינט א קינד א טאטן אוים,
שטראלט אוף זיין בליק:
„אָ, פּאַ!“
און סלויפן גיך געטוליעט,
אין דעם גרויסן רעגן,
מיט שירעמס דעכער איבער די קעפּ,
א קינד מיט א טאַטן,
א קינד מיט א טאַטן,
אהיים, אהיים.
און ביידע פרייען זיך
און לאכן פון רעגן.
און שטאָלץ און פריילאַך
קומט סקינד אין הויז אריין:
אהיים געבראַכט דעם טאַטן,
אהיים געבראַכט דעם טאַטן.

# רעגן

דונערם קנאַלן, קנאַלן, קנאַלן;
בליצן זיגזאַגיקע —
ווי בלאַנקע שווערדן אויף דער זון —
האַקן דורך די דיקע שוואַרצקייט פון מיין צימער —
און זיי שרעקן, און זיי שרעקן;
און די שטראָמען וואַסער וויינען, וויינען
אין מיין האַרץ אַריין.
האָט אַ קר־ר־אַך געטאָן אַ דונער
אַזוי מאַכטיק, אַזוי גרויזאַם. . .
בליצט עס דורך אין מויאַך:
אימעצן געטראָפן!
אַזש די לופט האָט זיך דערשראָקן,
און אין אויער מיר אַריינגעפייפט:
„אימיצן דערשלאָגן!"
אַ לעבן וואו אוועקגערויבט.
אָנגעפאַלן אויף אַ בוים, אַ פּאַטריאַרך,
אויסגעפליקט אים מיט די וואָרצלען —
ליגט ער מיט די נאַקעטע וואָרצלען אַרויף, צום הימל,
וואָס פרעגן גויסעס:
„איז דאָס דער טויט?
און די פרישע אָפענע גרוב דערנעבן,
אַ פאַרבלוטיקטע,
קלאָגט פאַריאָסעמט.
און אויף די ביימער אַרום פאַלט אַ פּאַכעד אָן,
דערזעענדיק דעם גויסעס.

אָדער —
אין א הייזקע — צווישען פעלדער —
איז דער בליץ אריין; די באַלעבאָסטע אומגעוואָרפן;
איז געוואָרן א יאַמער, א געשריי,
ווי מע וואָלט דעם מערדער נאָכגעיאָגט:
„כאַפּט דעם מערדער, כאַפּט אים!“

אין דרויסן וויינט דער רעגן,
וויינט אריין אין הערצער.
די לופט איז פול מיט צאָרן;
מיט צאַרטע מעלאַנכאָליע;
מיט קריצענדיקע ציין;
מיט לאסטשענדע קלאַנגען.
שילטסט דעם שטורעם,
און אין הארצן ווילסטו:
זאָל ער שטערן און צעשטערן,
זאָל ער קלאָגן, קלאָגן דיר אין הארץ אריין.

# א רעגן אפן לאנד

די זון האָט א גאנצן פרימאָרגן געבראָטן.
מיר זיינען געלעגן באהאלטן אין שאָטן
פון נוסבוים דעם אַלטן, פארטיפט אין א דרימל ;
געטריי האָט געהיט אונדז דער קלאָר-בלויער הימל.

האָט פלוצלונג גענומען אונדז אימעצער וועקן,
אזוי ווי א הונט וואָלט דעם פּאָנעם אונדז לעקן, —
און ספּאלען שוין ווארעמע טראָפּענס פון רעגן
און וואשן אונדז, וואשן דעם וואלד און די שטעגן.

מיר האָבן מיט פרייד-אויסגעשרייען געלאָזן
זיך לויפן אין וואלד אריין — טיף אין די גראָזן —
צום טייך, וואָס איז רואיק אין וואלד זיך געפלאָסן.
געבליצט האָט, געדונערט, דער רעגן — געגאָסן.

די קליידער ארונטער, אין טייך שפּרונג—געשפּרונגען;
און ווייט האָבן אונדזערע קוילעס געקלונגען.
געשוואומען, געטונקט זיך און קונצן באוויזן,
געבארעט אין גראָז זיך, ווי עמעסע ריזן.

דער רעגן פארגאַנגען, די זון ווייזט זיך ווידער ;
די פייגל אין וואלד זינגען זאָרגלאָזע לידער ;
דער וואלד שמעקט. מיט פּערל באַשאָטן די וועגן.
עס פרייט זיך און זינגט אלץ: א דאַנק פארן רעגן !

## מיך

מיר, גליקלאכע, געבאָרענע אין שטאָט,
ווי איינזאַם זיינען מיר אין וואלד!
מיר — אָפּשפּעטער פון שעד און גאָט,
ווי שרעקענדיק און ציטרענדיק און קאלט,
מיר ווערן, ווען א דונער פאלט —
אין וואלד!

מיר, אויפבויער פון וועלטן ניי —
ווי זיינען אונדז די טראָפּנס רעגן שווער;
דיקטאַטאָרן פון אייזן, בליי —
סאיז אונדז די קלענצטע פליג א שטער,
און אויסצוהאלטן פון איר קיצלען מער —
איז שווער.

מיר — שטאָלצע, העלדן, ריזיק, שיין;
צו אלעם גרייכענדיקע שנעל געשווינט —
ווי נישטיק זיינען מיר און קליין,
ווען שטיל אין מיירעוו-זייט די זון פארשווינדט;
ווען סרייט פארביי א שטורעם-ווינט
געשווינט.

# האַרבסט

די שענסטע פייגל אַפּגעפלויגן ;
די לעצטע רויזן בליען ;
דער זאפט פון פלאנצן אויסגעזויגן ;
די ברוינע בלעטער פליען.

די צייט פון שטאַרבן אָנגעקומען —
טאָ זאָל עס זיין וואָס שענער.
און מעג דער ווינט אליץ שטאַרקער ברומען —
עס זיינען שיין די טענער.

פון וואלד און פעלד ווי רייך די פארבן ;
סבאצירט נאָך גרינס די וועגן. . .
און איז באשערט נאַטור צו שטאַרבן,
באווײנט דאָך זי דער רעגן. . .

אָ, רו — מיין בעסטער פריינט
אין שאָ פון נויט —
קום צו מיר, זיי נעבן מיר אצינד.
זיינען דאָך די בלומען אין פּארק אזוי פארבנרייך;
פליען דאָך די פייגל אזוי זאָרגלאָז ארום;
האָט דאָך דער רעגן אָפּגעוואשן
דעם שטויב פון גאס; —
פארוואָס פייניקן מיך פרעמדע שרעקן
און טרייבן מיך — ווער ווייס וואוהין?
רו — געטרייע שוועסטער מיינע —
וואו ביסטו אַצינד?
אָ, ווי בין איך מעקאַנע
די רו פון פּאַרק, פון גראָזן,
די רו פון הימל.
אָ, דער דיקער שטויב אויף מיין געמיט;
אָ, רעגן פאר מיין פרייד!
ר ו— מאַמע פון מיינע כאַלומעס —
זיי נעבן מיר אַצינד.

# א מאַמע

נאַכט. אַלץ שלאָפט:ביימער, גראָזן, פייגל.
פייער־פליגן, ווי די פונקן, שוועבן און פאַרשווינדן.
א זש...זש...זש... אין דער לופטן.
רו—ו—ו.

שלאָפט דער פּאַרמער אָפן גאַניק,
שלאָפן ווייב און קינד אין הויז,
שלאָפט די מאַמע־ערד.
שטי—י—יל.

שלאָפט דער אַלטער וואַלד.
אין זיין בודקע שלאָפט דער הונט.
און אין הינער־שטייג
שלאָפט די מאַמע־הון אַף אירע הינדעלאַך,
און די ווייסע קאַץ אַף די טרעפּ — שלאָפט.

נאָר אין שטאַל — צווישן די קי —
שלאָפט נאָך ניט די מאַמע־קו —
און זי מוקעט און זי וויינט,
דורך דער טיר אַרויס אין דער נאַכט אַריין:
„מו—ו—ו!
הערט מיך אויס:
מהאָט מיין קינד מיר צוגענומען.
מו—ו! גיט מיר אָפּ מיין קינד...“

אַלץ שלאָפט.
„מו—ו—ו!“ הויך און העכער, אַלע זאָלן הערן.
צוגערויבט דאָס ניי־געבאָרן קינד בא דער מאַמען.
סקלאָגט אַ מאַמע אין דער שטילער נאַכט אַריין...

# דער בלינדער מיטן הינטל-פריינט

אף אונדזער גאַס איז דאָ א בלינדער;
דער בלינדער האָט א הינטל-פריינט;
שפּאצירן גייט מיט אים דער בלינדער,
ווען העל די זון אין דרויסן שיינט.

דער הינטל-פריינט אים ווייזט די וועגן
און שטעלט אף יעדן ראג זיך אָפּ.
צי סקומען אָטאָס זיי אַנטקעגן
ער זוכט און דרייט מיט שרעק דעם קאָפּ.

און סהאָבן ליב בא אונדז די קינדער
פארברענגען מיטן בלינדן פיין;
און ווען סדערציילט זיי וואָס דער בלינדער,
הערט סהינטל אויך מיט קאָפּ זיך איין.

דער בלינדער האָט א דיקן שטעקן;
ער קלאַפּט און טאַפּט מיט אים דעם וועג.
דאָס הינטל טוט דעם שטעקן לעקן,
ווען סזעצט דער בלינדער זיך אוועק.

און איינמאָל האָט עס אָנגעפאַנגען
צו רעגנען שטאַרק אף זייר שפּאַציר,
איז הינטל דאמאלט צוגעגאַנגען
מיט אונדזער בלינדן צו א טיר;

געווארט ביז סאיז דער גאָס אריבער,
ארוים צוריק — ווען סהאָט געשיינט.
עס ווערט דאָס הינטל מיר אלץ ליבער,
ווען כזע ווי טריי ער היט זיין פריינט.

# אַ מאָדנע וועלט

קינדער לויפֿן אום אין גאַס,
שפּילן זיך און שרייען;
זיצט אַלטיטשקע אין הויז,
קרעכצן, הוסטן, שפּייען.

קלאַפּט אין טירן אָן דער פֿראָסט,
רופֿט צו זיך די אַלטע;
קינדער לויפֿן אום אין גאַס
אין די טעג די קאַלטע.

קומט אַ זינגער אָן פֿון ווייט;
רינגלען אים אַרום די קינדער;
שרעקן זיך די אַלטע לייט:
דער זינגער איז אַ בלינדער.

ווינקט די זון אין הויז אַריין:
„אַרויס פֿון אײַערע לעכער!“
און אַ גאָלדענער באַלעט
טאַנצט אויף אַלע דעכער. . .

# פארנאכטן

### 1.

סוועט פינצטער ווערן באלד.
דיין אויג וועט שטארן אין דער נאַכט אריין.
און דו וועסט שעפטשן פארלאָרן:
ווי קליין בין איך, ווי נישטיק.
און זי—די נאַכט—וועט אויסטארטשען די אויגן אירע
און רוקן זיך מיט איר שווער, גרוים לייב —
אף דיר, אף דיר. . .
אָט, אָט — און זי וועט דערשטיקן דיך.
און דו וועסט פילן זיך ווי א קליין צאַרט דערשראָקן קינד
און לעכצן נאָך אַ גרעסערן, א שטאַרקערן פון זיך,
וואָס זאָל דיך אריינגעמען אין זיינע פעסטע ארעמס
און באשיצן דיך פונם מאָנסטער —
פון דער נאַכט.

## .2

פארנאכט. אפן בארג אליין.
אונטן וויגט זיך דער יאם.
די זון—ניטאָ מער,
דער הימל—קאַליפֿאָרנרייך.
סאיז שטיל.
ארום מיר — דאָס שעפּטשן פון גרילן,
דער לעצטער טריל פון א פייגעלע.
די כוואליעס לעקן אַנויפהער די פיס פון בארג.
סבאווייזט זיך דער ערשטער פינקלדיקער שטערן.
דאָס אלץ איז שיין,
נאָר סאיז מיר שוין
אזוי גוט באקאנט.
ווי סווערן דערעסן די קליידער,
וואָס דאָס ווייב טראָגט אָפט,
אזוי ווערט נימעס מיר,
דער פּוץ פון דער ליבער נאַטור.
און אויב איך בענק פאַרנאַכט —
איז נאָך עפּעס,
וואָס כהאָב נאָך ניט געזען,
וואָס זאָל מיך אופברויזן,
ווי א שטורעם דעם יאַם.

# אָקטאָבער-נאַכט

אַ העלע, לאַשטשענדע אָקטאָבער-נאַכט!
צו וואַנדערן אַזוי און איינזאַפּן אין זיך
דעם אַראָמאַט פון בלעטער-פאַל;
צו גיין און גיין, ניט מיד ווערנדיק,
ווי אין אַ צויבערלאַנד;
און ווערן ניי און זען אַלץ דורך וואונדער-ליכט;
און הערן יובל-טענער שטראָמען דורכן רוים,
און פילן, אַז עס זינגט אין מיר
אַ יעדער אייווער — אַ געזאַנג פון פרייד;
צו זינגען הויך אַ לויב געזאַנג
צו דיר, אָ, ליכטיקע אָקטאָבער-נאַכט!

## אוונט-שפּאַציר

נעבן דיר—א מויער, א מוירעדיקער ריז, א הערקולעס.
זיין קאָפּ אין א וואָל פון פינסטערניש פארשלייערט,
און קוקענדיק מיט דיין מילביק קעפּל ארויף צו אים,
זעסטו נאָר זיינע משונע-ברייטע פּלייצעס,
וואָס סטארטשן פון דער פינסטערניש ארוים,
אומבאוועגלאַך, בארימעריש:
„קוק מיך אָן — און ווער פאַרציטערט!“
נאר דו — דערשרעקסט זיך ניט.

עלעקטרישע שילדן — ווי די אויגן
בא אויף קוינים האַרנדיקע גאסן-מוידן —
ווינקן: „צו מיר, צו מיר.“
און דו גייסט זיי גלייכגילטיג פאַרביי.

טראַם-געקוויטש, רעדער-גרילץ, טריט-גערימש,
באַן-געסווישטש,
מאשין-געהאַסט, געשטוים, געקוועטש, ברום און זשום —
איין מאַכטיק ליד, וואָס קלינגט און זינגט:
„פאַר דיר, פאַר דיר.“
און דו — א שפּאַן אהער, אהין, אָן זין.
און אַף דיינע ליפּן א פוילער שמייכל —
מויכל . . .

# נאַכט־אימפּרעסיעס

1

איבער שווייגנדיקע גאסן שפּרייזן
אין דער שפּעטער נאַכט.
טראָטואַר — אספאלט און צאַמען — אייזן,
טיר און טויר פאַרמאַכט.

שוואַרצע סוידעס ווינקען פון די הייזער,
שרעקן, ציען צו.
שנעלער שטעלט די טריט זיינע דער שפּרייזער —
סוואַרט אף אים די רו.

טריי איז אים דאָס ליכט פון די לאַמטערן,
נאָר סלעשט ווער עס אוים,
ווען מע לעשט דאָרט אויבן אוים די שטערן,
ווען די רו איז גרוים.

## 2

ווי אַף אימיצנס אַ וואונק,
איז שטיל געוואָרן אַלץ אַרום.
סאיז נאַכט־רו.
ווי אין אַ מוישעוו זקיינים הויז,
וואו מע רוט זיך שווייגנד אָפּ פון לעבנס־גערודער,
שווייגט רוענדיק די שטאָט
פון טאָגס־געטומעל.
בלויז דיכטער, ווי די סאָוועס,
ווערן וואַך
און ציילן, ווי אַ קרעמער באַם פאַרמאַכן זיין קראָם —
דעם פּידיען פון זייערע נעשאָמעס פאַר'ן טאָג;
בלויז גאַסן־שוועסטער —
ווי די באַרמהאַרציקע שוועסטער, אַף דער נאַכט־וואַך
אין שפּיטאָל —

זיינען וואַך:
צו טאָן די נויטווענדיקע דאַנקבאַרע אַרבעט,
פאַר אומגליקלאַכע קאָרבאָנעס
פון גרויסן וועלט־הונגער.

3

שילדן פון האַטעלן,
זוינעס און בארדעלן
ווינקן, זאָגן צו ;
און א טרעמפּ א מידער,
פאר זיין בינטל גלידער,
זוכט רו.
איבער פוסטע גאסן
הערשט געלאסן
איצט די נאַכט ;
קאַרן באַראַבאַנען
און עס קלינגען באַנען —
אימיץ וואכט . . .
צו די ווענט זיך טוליעט,
איינער וואָס געהוליעט
און געשיקערט האָט ;
עפּעס א צעדרייטער
גייט, מיט הענט צעשפּרייטע,
און רעדט צו גאָט. . .

# נאַכט-ליד

ביימער-גערויש און קעץ-געיאָמער;
זייגער-טיק און קאַר-געברום;
באַן-געסאָפּ און ווייט גערודער —
איך וואַרט אָף דיר, אָ, קום;

נאַכט און רו, ווי טויטע ווערעם.
און מיין אויג איז וואַך און ווילד;
שלאָף און רו און באַן-געהאַמער —
איך וויין און לאַך, איך בעט און שילט.

קום, אָ, קום! די וועגן — לערע,
פון די ווינקלען ווינקט די זינד;
שרעק און פיין מיך שטיקן, ווארגן —
קום, אָ, קום. אָ, קום, געשווינט!

## באנאַכט

כלעש אוים דאָס ליכט. פארמאַך די אויגן.
פאר מיר שוועבט דורך דער גאַנצער טאָג:
געשטאלטן, פּענעמער, קאָלירן,
און אלץ נאָר וואָס איך טו און זאָג.

מע האָט באליידיקט און גענאַרט מיך
און קעגן מיר באַגאַנגען זינד —
איך האָב געליטן און פארגעבן,
ווי סטוט א פּאָטער צו זיין קינד.

מע דארף געפינען דאָך נאָר גוטעס —
צי שלעכט געטאָן, צי שלעכט געמיינט,
מיר זיינען אלע דאָך ווי קינדער:
אָט וואָס געלאכט און שוין געוויינט.

די נאַכט איז שווארץ. צו מיר אין פענצטער
אָן אויפהער קלאַפּט דער ווילדער ווינט.
און מאָרגן שטיי איך אויף א פרישער —
און פריי דערפאַר זיך ווי א קינד.

# טויט

מיין ערד ווינקט צו מיר מיט זיבן טויזנט אויגן —
און איך — איך גיב אַ מאַך מיט מײַנע הענט
אין ביידע זייטן
און כזאָג צו איר:
דו לאָז צורו: איך האָב קיין צייט ניט.
אָבער וואו איך זאָל זיך ניט געפינען:
אין שטוב, אין באַן, צי אַף אַ שיף אין מיטן יאַם,
צי פאַרוויגט אין די אָרעמס פון זיסן שלאָף —
אומעטום רופט מיך, ווינקט צו מיר —
מיין ערד.
און פאַרמאַך איך מײַנע אויגן —
אַז כזאָל די זיבן טויזנט אויגן פון דער ערד ניט זען —
דרייען זיך און שווינדלען ארום מיר —
ערד, ערד, שטיקער ערד.

אין אלע צייטן; וואָס איך זאָל ניט טאָן;
וואו איך זאָל ניט זיין —
פיל איך, אַז איך בין —
ערד, שטיקער ערד.
זע איך אַ לעוואַיע, וויים איך —
ערד וועט באַהעפטן זיך מיט ערד:
אנטלויף איך:
(סווינקט צו מיר די ערד מיט אירע זיבן טויזנט אויגן
שנעלער דאַן)

## טויט

אפ'ן שפּאַציר, באַטראַכטענדיק די אויסגעפּוצטע
פּאַרפיומירטע יונגע פרויען,
פיל איך — סלאַבען שטיקער ערד,
סגייען, סלויפן — שטיקער ערד —
ערד, ערד און ערד.

הייזער—ערד ; לאַמטערן—ערד ; באַנען—ערד.
מיין הונט — ערד ; דער טאָפּאָל ביי מיין פענצטער — ערד.
און די רוענדיקע ערד — אונטער מיינע פיס —
ווינקט ארויף: צו מיר, צום וואָלקענקראַצער, צום מאָנומענט—
און זאָגט :
„גרויסט זיך, שטייגט, וואקסט אלץ העכער, העכער —
צו די הימלען — ארויף, ארויף !
איר וועט אלע, אלע מיד ווערן
און לייגן זיך צו מיר — אייער מאַמען — אָפּן שויס. . .
און איך וועל לייגן אייך אין בעט אריין
און צודעקן אייך גוט, גוט.

סווינקט צו מיר מיין ערד מיט זיבן טויזנט אויגן —
איך זאָל באהעפטן זיך מיט איר.
און איך — שפּאַר זיך מיט איר,
ווי א פארשפּילט קינד,
וואָס סרופט די מאַמע אים צום שלאָף. . .

## .2

איך שטאַרב, איך שטאַרב — און זעט עס ווער ?
מיין פּיין איז גרויס, מיין פּיין איז שווער.
איך שטאַרב, איך שטאַרב — און זעט עס ווער ?

א ביסל הילף קאָן רעטן מיך,
ווער קומט, ווער קומט צו הילף מיר גיך ?
א ביסל הילף קאָן רעטן מיך.

אַ וואָרט, א בליק, א ווארעמע האַנט —
און שוין ארויס פון טויטן־לאַנד,
א וואָרט, א בליק, א ווארעמע האַנט.

סאיז שטיל, סאיז שטיל, סאיז שטיל ארום. . .
און איז די וועלט, אָ, טויב און שטום ?
סאיז שטיל, סאיז שטיל, סאיז שטיל ארום. . .

איך שטארב, איך שטאַרב — און קיינער זעט !
אָ, נעמט ווער צו מיין לעצט געבעט,
איך שטארב, איך שטאַרב — און קיינער זעט !

### 3.

אין די גהויע וואָלקענס זע איך אים —
דעם טויט.
אין פארנאַכטן שטילע פיל איך אים —
דעם טויט.
אין דעם בייזן שטורים הער איך אים —
דעם טויט.
אין די שווערע רעגנס קלאַפּט צו מיר —
דער טויט.
פון די כוואַליעס ווילדע לאַכט צו מיר —
דער טויט.
ווען, אַ, ווען דאָך קומט צו מיר —
דער טויט ?

## .4

# מ י ל כ אָ מ ע

פון אלע אויגן קוקט ארוים דער שטומער טויט.
עס בליען דיביימער, די בלומען און גראָזן;
מיט האַסטיקע, דאָך שטילע טריט, קומט אָן דער טויט —
עס האָט אונדז ווער פארלאָזן.

געבענטשט זאָל זיין דער טויט. . . פארשאָלטן זאָל ער זיין,
עס בליען די מאגנאָליען און צאַרטע ווינטלאַך בלאָזן —
מיר וועלן אויסגיין דאָ פון צאַר און פיין:
עס האָט אונדז ווער פארלאָזן.